אהרן סליפּצין

# איבערשאצונגען

עסייען וועגן ליטעראַטור

און

נאַציאָנאַל־סאָציאַלע פּראָבלעמען

ניו יאָרק, 1967

# אינהאלט

## שלום אש


זיין וועג אין שילדערן .... 7

זיינע אידעאַלן .... 20

היסטאָרישע נאָוועלן, דער מאַן פון נצרת, דער תהלים ייד און דער נביא 32

די דריי שטעט, די רוסישע רעוואָלוציע ....46

די וויכטיקייט פון דער נאָוועלע .... 57

פּאַשיזם און זיינע וואָרצלען .... 63

מדינת ישראל איר אויסערלעכע דיפּלאָמאַטיע און איר זיכערקייט .... 85

עטיק אין דער אוראַלטער יידישער געשיכטע .... 105

צוגאָבן .... 122

## ערשטער קאפיטל

# שלום אש

### זיין וועג אין שילדערן

**שלום אש** איז איינער פון די גאָר וויכטיקסטע קינסטלער ביים יידישן פאָלק. ער פאַרמאָגט זיין אייגנאַרטיקן וועג אין דערציילן, זיין אייגענעם טיפן אַריינבליק אין מענטשלעכע האַנדלונגען און אין זייער דענקען. זיין ווירקונג איז אומגעהויער גרויס. עס איז אָבער דער טרויעריקער גורל פונעם יידישן פאָלק, וואָס געוויסע כוחות האָבן פאַרפרעמדט דעם פאָלק פון זיין קינסטלער.

עס איז דערפאַר נויטיק זיך טיפער אַריינטראַכטן אין אַש׳ס שאַפן כדי איבערשאַצן די ווערטן.

ווען מען לייענט איבער איינע אָדער צוויי פון זיינע דערציילונגען, זעט מען אַז אַש האָט זיין ספּעציפישן וועג אין זיינע שילדערונגען, מען דערשפירט גלייך זיין אַנדערשקייט.

אין וואָס באַשטייט די דאָזיקע אַנדערשקייט?

1) אַש מאָלט דעם יחיד, דעם איינצלנעם, ניט פאַר זיך אַליין, נאָר דורך און מיט זיין כלל, מיט זיין סביבה, ווי אַ רעזולטאַט פון זיין סביבה, ווי אַריינגעוואַקסן און אַרויסגעוואַקסן פון איר. כדי צו געבן אַ בילד פון דעם טיפ וואָס ער מאָלט, שילדערט ער דעם גאַנצן אַרום. 1)

2) שלום עליכם אָדער י. ל. פרץ באַשרייבן דעם יחיד מיט זיינע העויות ניואַנסן, באַוועגונגען, זיינע ספּעציפישע אויסדרוקן, זיינע ווערטלעך, זיין קנייטש און זיינע שוואַכקייטן. פאַר שלום עליכמ׳ען אָדער פאַר פרצ׳ן איז דערציילן אין ערשטן פערזאָן דערפאַר גוט צוגעפּאַסט. אַש פאַרמאָגט ניט דעם

זשאַנר. ער שילדערט אין דריטן פערזאָן. „אין שני נביאים מתנבאים בסגנון אחד". יעדער נביא האָט זיין אייגענעם וועג אין זיין נביאות.

3) אַש איז דינאַמיש ניט סטאַטיש.

אַש באַשרייבט דעם איינצלנעם ניט ווי ער געפינט זיך אין אַ באַשטימטן צושטאַנד. נאָר ווי ער ווערט געביטן, ווי ער ווערט אַנטוויקלט. זיינע האַפנונגען, זיינע מחשבות זיינען ניט שטענדיק די זעלביקע. זיי בייטן זיך אונטער דער ווירקונג פון די אומשטענדן און פון דעם אָרט וואָס ער פאַרנעמט אין דער געזעלשאַפט. זיינע טיפּן זיינען דערפאַר ניט סטאַטיש. זיי ווערן איבערגעאַנדערשט, אפשר אַליין ניט ווייסנדיק, אַז זיי זיינען שוין געוואָרן אַנדערש. אַש באַשרייבט ווי און פאַרוואָס זיי זיינען אַנדערש געוואָרן. 2)

4) זיין דינאַמישקייט גייט ווייטער.

ניט נאָר זיינען זיינע טיפּן ניט אויסגעפּורעמט אין פאָראויס, נאָר ער הויבט אָן לכתחילה באַווייזן פאַר וואָס זיי זיינען געוואָרן אַזוי און ניט אַנדערש. למשל, מאָטקע גנב'ס ראָלע איז שוין באַשטימט נאָך איידער ער איז געבאָרן געוואָרן. זיין מוטער, אין אַ פאַל פון אייפערזוכט, מאַכט זיין טאַטן בלינד נאָך פאַר מאָטקעס געבורט. ער ווערט געבאָרן אין שוידערלעכער אָרעמקייט. זיין לעבנסוועג איז שוין אויסגעפּלאַנט פאַר אים. אַש דרינגט אַריין אין די באַהאַלטענע ווינקלען פון זיינע כאַראַקטערן כדי צו געבן אונדז אַ באַגריף ווער זיי זיינען און פאַרוואָס זיי זיינען אַזוי.

5) אַש האָט ניט אין זיינע שילדערונגען קיינע ספּעציפישע העלדן וואָס זאָלן פאַרנעמען דעם אויבן אָן אין זיינע שילדערונגען. טאָקע דערפאַר וואָס ער שילדערט די גאַנצע געזעלשאַפט און ניט איינצלנע אָפּגעזונדערטע טיפּן, פאַרנעמען פילע פערזאָנען וויכטיקע ערטער אין אַלע זיינע דערציילונגען. זיי אַלע צוזאַמען בילדן אויס אַ געוויסע סביבה און יעדן איינעמס האַנדלונג איז אַ רעזולטאַט פון די געמיינשאַפטלעכע ווירקונגען און באַוועגונגען פון דעם גאַנצן אָרום. 3 און 4).

6) אַש איז אַן אויסגעצייכנטער קינסטלער אין מאָלן די נאַטור, אירע שטורעמס, אירע שיינקייטן. זיין גרעסטע אויפמערקזאַמקייט שיינקט אָבער

אַש די פּסיכאָלאָגישע ווירקונגען פֿון די געשעענישן אויף די האַנדלונגען פֿון די טיפּן, וואָס ער שילדערט. די פּסיכאָלאָגישע געזעצן זיינען געבאָרן מיט אונדז. דער מענטש ווערט געטריבן צו געוויסע האַנדלונגען נאָך דער ווירקונג פֿון באַשטימטע פּסיכאָלאָגישע אינסטינקטן. זיין אריינבליק אין פּסיכאָלאָגישע ווירקונגען פאַרנעמט ביי אַש׳ן דעם אויבן־אָן אין זיינע בילדער. 5 און 7).

7) אַש׳ס התמדה אויספירלעכקייט.

ער באַנוגנט זיך ניט מיט אַ צופעליקן בליק. יעדער ווינקל ווערט ביי אים געגנוי באַטראַכט און באַשריבן. ער גיט אונדז איבער, למשל, אַ שניידער־ווערקשטאַט (שאַפּ) פּירט ער אונדז דורך אַלע זיינע טירן און פאַרטקעלעך, ער ווייזט אונדז די שטעפּער (אָפּעריטאָרס), די פינישערס, צושניידער, קנעפלעך־נייער און די באַציאונגען צווישן זיי.

דאָס בילד איז דערגאַנצט. אַלץ זעט ער און אַלץ באַווייזט ער.

8) באַוועגלעכקייט

אַש באַגלייט דאָס יידישע פאָלק אין זיינע וואַנדערונגען. ער פאַרקערפּערט אין זיינע שילדערונגען פאַרשיידענע עפּאָכן אין דער יידישער געשיכטע און פאַרשיידענע וואַנדערונגען אין דער געגנוואַרט. ער איז ניט באַגרענעצט אין צייט און אָרט. 8)

ער הויבט אָן מיט דעם קליינעם שטעטל, גייט אַריבער צו גרעסערע צענטערס און וואַנדערט צוזאַמען מיטן יידישן פאָלק קיין אַמעריקע און ארץ ישראל. ער זעט די קאַמפּן אין די גרעסערע שטעט, באַשרייבט די פאַר־צווייפלטע ביטערע אָרעמקייט אין יענע ערטער און זייערע נייע אידעע און גרופּירונגען. ער מאָלט די אידעאַלן סיי פון די פרומע, סיי פון די ניט פרומע. ער באַשרייבט די אַרבעטער אין די מיטעלע און גרעסערע שטעט מיט זייער אָרעמקייט, מיט זייער ביטערער לאַגע, ווי זיי ווערן אונטערדריקט און ווי זיי הייבן זיך אָן צו פאַראייניקן. ער שילדערט זייער מסירת־נפש און קאַמף פאַר סאָציאַלן יושר. ער זעט דעם נייעם אויפברויז צווישן רעליגיעזע און למדנישע שיכטן מיט זייערע ראַנגלענישן אין אַ נייער, פאַר זיי

וועלט מיט ספקות און שווערע געמיטן. ער זעט אונדזערע גבירים וואָס אַנטלויפן פון קליינעם שטעטל, וואָס דערוויטערן זיך פון יידישע פּראָבלעמען מיט זייער מאָדנער, אומנאַטירלעכער קאָמבינאַציע פון חסידיזם מיט אַסימי־לאַציע. ער דרינגט אַריין און שפּירט די ליידן פון די אויסגעוואָרצלטע יידן מיט זייערע שוועריקייטן אין צופּאַסן זיך צו אַ נייעם סאָרט לעבן מיט נייע פּראָבלעמען.

אַש גייט אויך אַריבער צו שטורמישע צייטן אין דער יידישער גע־שיכטע, אין דער עפּאָכע פון רוימישער הערשאַפט איבער ישראל, די תקופה פון גלות בבל און דער אויפלעבונג באַוועגונג, דער חסידות באַוועגונג, די ליידן פון יידן אין מיטלאַלטער א. א. ז. וו.

אין קורצן, אַש נעמט אַרום פאַרשיידנאַרטיקע פּאַנאָראַמעס אין פאַר־שיידענע צייטן און אַלץ געשילדערט אויף אַ גרויסער קאַנווע. אויף אַ גרויסן פאַרנעם.

9) זייַנע טיפּן זיינען ביי אים ניט כחומר ביד היוצר. ווי ביי אַן אמתן קינסטלער זיינען די טיפּן געמאָסטן און געוואויגן. ער מאַנעווורירט ניט מיט זיי. אַש פּלאַנעוועט ניט אויס באַוועגונגען און פּאַסירונגען כדי אויסבויען לאַנגע און פאַרדרייטע געשיכטעס. ער באַשטייט ניט אַז זיין פּערזאָן זאָל אַזוי האַנדלען אָדער דענקען, נאָר ער איז געצוואונגען צו מאָלן זיין פּערזאָן ווי ער איז אין דער אמתן, ווי עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פּערזאָן. מערסטנס מאָלט ער געוויינלעכע פּאַסירונגען און געוויינלעכע פּערזאָנען. (אַזוי טוען אויך מענדעלע, פּרץ און שלום עליכם און אַלע גרויסע קינסטלער. עס זיינען אָבער דאָ אייניקע וואָס ווערן אפילו רעקלאַמירט אַלס קינסטלער און זיי האָבן בלויז פאַרדרייטע סיפּור־העמעשה׳ס).

10)אַש האָט רעספּעקט און ליבע פאַרן פּשוטן אַמכאָ.

ער שילדערט גערן דעם האָרעפּאַשניק, דעם פישער, בעל־עגלה, דעם קרעמער, דעם לערער.. דעם פאַרפרומטן אין די ווייסע זאָקן, דעם קאַצקער חסיד, די שטריימל מיט די לאַנגע ציצית דערמאָנט ער זעלטן. אָט, למשל, איז רחל לאה פיל העכער אָוועקגעשטעלט ווי פּרוי האַלפּערן (אין „די דריי

שטעט). דער פּראָסטאַק שלמה, אויפגעהאָדוועט אין דחקות, האָט שוין פאַרזוכט אַלע שווערע אַרבעטן. ער האַלט אויס די שוועריקייטן אין אָפּרייניקן דעם עמק. דער אינטעליגענט, צבי מאַרגאָליס, דער פּליסיק־ריידענדער העברעאיסט, ציוניסט בן ציוניסט. ער האַלט ניט אויס און ציט זיך צוריק פון דער קבוצה ('געזאַנג פון טאָל", זז. 15־14).

11) אַש לאָזט אויס ניט־נויטיקע דעקאָראַציע מאַלערייען.

בערל מאַכט אַ הייראַט־פאָרשלאַג צו שרה'ן, די האַרעפּאַשנע מיידל פון זיין קבוצה, אָן קיינע שיינע רעדעס און אַזוי שטיל נעמט עס שרה אויך אויף אָן פייערדיקע דרשות („געזאַנג אין טאָל"). פּרוי דאַווידאָווסקי פאַרלאָזט איר מאַן אָן גוואַלדאָוונע רעדעס, קומט צוריק, ווען ער ווערט קראַנק אויך אין דער שטיל („איסט ריווער").

12) אַש זעט דעם טיפן אינסטינקטיוון צובונד פונעם יידישן יחיד צום כלל. ער דערשפּירט אין דעם „בונד וואָס אברהם האָט געמאַכט מיט'ן גייסט", וואָס איז אַ בונד פאַר אַלע צייטן. דער בונד ווייזט זיך אַלעמאָל אַרויס אפילו ביי די וואָס זיינען דערווייטערט פון יידישן געטאָ־לעבן.

13) י. ל. פּרץ מיט זיינע שפּריצנדיקע פונקען פון חכמה קאָן אַרויס־ברענגען זיינע געדאַנקען אין אייניקע זייטלעך, דאָרטן וואו אַש דאַרף פאַרנעמען אַ גאַנצן בוך.

ביידע, סיי פּרץ און סיי אַש, נעמען אויף דעם זעלבן פּראָבלעם. די אורזאַכן פון דער פאַרשפּרייטונג פון חסידות צווישן יידן. י. ל. פּרץ נעמט עס אויף מיט אַ קליינער דערציילונג „צווישן צוויי בערג", ש. אַש פאַרנעמט וועגן דעם אַ גאַנצן בוך דער „תהלים ייד". 9)

אגב, איז אָבער פאַראַן אַ גרויסער חילוק אין זייער לייזן די פּראָבלעם. פּרץ נעמט אָן אַז די סיבה פאַר דער חסידות באַוועגונג איז געווען די אָפּ־געפרעמדקייט צווישן די למדנישע יידן און דעם אַלגעמיינעם פּראָסטן פאָלק. ר' נח'קע קומט כדי אויפהויבן די מאָראַל פונעם פּשוטן יידן, „וואָס האָט איר פאַרן פּשוטן יידן?" — פרעגט ר' נח'קע ביים בריסקער גאון (אַזוי זיינען אויך די דערקלערונגען פון דובנאָוו, צינבערג און אַנדערע).

שלום אַש וואַרפט אָפּ דעם ענטפער. ער זוכט די פסיכאָלאָגישע מאָטיוון וואָס האָבן גורם געווען דעם אויפקום פון חסידיזם. ער ברענגט אַרויס די עקאָנאָמישע אומבאַהאָלפנקייט פונעם יידישן ישוב אין יענער צייט אין פוילן, די שרעקלעכע אָרעמקייט ,די האָפנונגסלאָזיקייט, די ניט־זיכערקייט צו קאָנען מאַכן אַ שטיקל לעבן, זיין אָפּהעגטיקייט פונעם פריץ און פון זיינע ווילדע פאַרלאַנגען, האַרצלאָזיקייט. דער פריץ האָט געקאָנט טאָן מיטן יידן, וואָס אים האָט זיך געוואָלט. ניט געווען קיין געזעץ און באַשיצער. דערנאָך ווייזט אונדז אַש די גייסטיקע ליידן, דעם יאוש, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט נאָכן דורכפאַל פון שבתי צבי און זיינע נאָכפאָלגער די פראַנקיסטן.

דאָס פאָלק איז אַריינגעפאַלן אין טרויער און יאוש. עס האָט פאַר זיך ניט געזען קיין אויסוועג. עס האָט געדאַרפט האָבן אַן אויסוועג, עפּעס אַן אָנהאַלט. דאָס גלויבן אין הייליקע האָט דעם פאָלק געגעבן כוח זיך אָנצוהאַלטן אין לעבן. מיט די פסיכאָלאָגישע געזעצן פון עסקעיפּיזם, דער־קלערט אַש דעם דראַנג פון די געדריקטע יידן צו גלויבן אין הייליקע. די אָרעמע מאַסן צווינגען יחיאל'קען צו ווערן אַ רבי.

ביי פרצן ברענגט ר' נח'קע די חסידות. ביי שלום אַש'ן איז די פאַרצווייפלטע לאַגע פון די מאַסן, דער כוח וואָס ברענגט צו חסידות. ווי טיף איז דער אונטערשייד!

אגב. ש. ניגער זאָגט: „חסידות האָט אויפגערודערט דעם רעליגיעזן געפיל וואָס האָט געהאַלטן ביים פאַרפרוירן ווערן, עפּענענדיק נייע קוואַלן און דער הויפּט־מאָטיוו פונעם תהלים־ייד איז דער מאָטיוו פון גלויבן און בטחון".

איך האַלט, אַז זיינע ביידע באַהויפּטונגען זיינען ניט ריכטיק. מיר ווייזט אויס, אַז אַש באַשטעטיקט קאַרל מאַרקס אויסטייטשונג פון געשיכטע: אַז עקאָנאָמישע באַדינגונגען, ליידן, פאַראורזאַכן גייסטיקע באַוועגונגען.

דאָס וואָס מיר זעען אַלס גייסטיקע באַוועגונגען זיינען אין דער אמתן עקאָנאָמישע אין זייער הינטערגרונט. ווייל חסידות איז אַרויסגערופן געוואָרן אַלס קעגן מיטל צום יאוש, דערפאַר איז געווען נאַטירלעך, אַז חסידים האָבן שטאַרק געהאַלטן פון געזאַנג, טענץ און שמחה און אפילו פון אַ טרונק בראָנפן.

איך באַטראַכט אַשס מיינונג וועגן די סיבות וואָס האָבן געבראַכט צו דער

פאַרשפּרייטונג פון חסידיזם אַלס מער וואַרשיינלעך. דער רבנישער קלאַס איז קיינמאָל ניט געווען ווייט פון פּשוטן יידן. גאַנצע שיכטן תלמידי חכמים זיינען געוואַקסן אין דער אָרעמקייט. דעם רבס פאָטער איז אָפט געווען אַן אָרעמער שניידער, און אויך זיינע ברידער און פעטערס. דער רב אַליין איז געווען אַן אָרעמאַן, אַ דלפן. חוץ דעם רב זיינען געווען מלמדים, חזנים, שוחטים און אַנדערע פאַרוועבט אין דער יידישער אָרעמקייט. אַזוי אַז אַ וויכטיקער טייל פון די תלמידי חכמים זיינען געווען קבצנים.

חוץ דעם איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסע ליטעראַטור פון אגדות, פון פּאָעטישע שאַפונגען, וואָס האָבן געשפייזט דעם ווייניק־געלערנטן יידן, אַזוי אַז די אַריסטאָקראַטיע פון די למדנים איז קיינמאָל ניט געווען קאָנטיק.

## באמערקונגען

1) ביי שלום עליכמ'ען מאָלט טוביה אַליין זיינע איבערלעבונגען, זיינע טראַגעדיעס, זיינע געדאַנקען, זיינע אָפּשאַצונגען פון דעם אָרום. אַזוי אויך ביי פּרצ'ן. דער מלמד אין 'צווישן צוויי בערג' דערציילט אַליין זיינע איינדרוקן און אַזוי ווייטער. אַש גיט אָבער אַ בילד פון דער געזלעשאַפט. ביי אַש'ן איז יעדער איינער אַ רינגעלע אין אַ גרויסער קייט.

2) טוביה ביי שלום עליכמען איז דער זעלבער טוביה אין אַלע זיינע מעשות און אַזוי אויך מנחם מענדל אָדער „מאָטל פּייסי דעם חזנס״. ביי אַש'ן איז משה וואָלף פריער אַ משכיל, כמעט אַן אַפּיקורוס. מיט דער צייט ווערט ער פאַרוואַנדלט אין אַ פרומען חסיד (איסט ריווער). וויינשטאָק, דער פּשוטער פאַרגרעבטער, אַמעריקאַניזירטער פאַרבער ווערט דערנעענטערט צו דער שול און צו פרומקייט. זיין שיינע טאָכטער ראַכיל, רוי און פּוסט ווען זי איז כמעט די כלה פונעם יונגן דאַווידאָווסקי ווערט איבערגעביטן אונטער דער ווירקונג פון איר פאַרערער, דעם דייטש־יידישן סטודענט.

ווען שלום עליכם אָדער פּרץ מאָלן זייערע בילדער, זיינען זייערע טיפּן שוין פאַרטיקע, אויסגעפורעמטע. שלום אַש נעמט זיינע טיפּן ווען זיי זיינען נאָך רוי. זיי ווערן אויסגעפורעמט ערשט אין דעם גאַנג פון דער דער־

ציילונג דורך פאַרשיידענע אומשטענדן, וואָס באַאיינפלוסן זייערע אייגענע פסיכאָלאָגישע אייגנשאַפטן.

3) טוביה ביי שלומעליכמ׳ען פאַרנעמט דעם אויבן אָן אין אַלע מעשיות פון טוביה׳ן. אַזוי אויך מנחם מענדל, אָדער מאָטל פּייסי דעם חזנ׳ס. שווער צו זאָגן, ווער ס׳איז דער הויפּט־העלד אין „איסט־ריווער", משה וואַלף דאַ־ווידאָווסקי אָדער אירווינג, אָדער דער פאַרקריפּלטער ברודער זיינער, אָדער אפשר גאָר מערי מעקאַרטי. אויך אין „אַנקל מאָזעס" איז דער אַנקל ניט דער הויפּט־העלד.

4) מיט דעם איז אַש ענלעך צום גרויסן לעוו טאָלסטאָי. טאָלסטאָי האָט אויך ניט קיין ספּעציעלע העלדן אין זיינע ראָמאַנען. טאָלסטאָי שילדערט אויך די גאַנצע געזעלשאַפט און ניט איינצלנע באַזונדערע פּערזאָנען. טאָלסטאָי פאַרמאָגט אויך ניט דעם זשאַנר צו מאָלן די פאַרשיידענע ניואַנסן פון זיינע געשילדערטע פּערזאָנען. אַגב: דערפאַר איז ביידן גרינגער איבער־צוזעצן אין אַנדערע שפּראַכן.

5) זאַכאַרי מירקין (דריי שטעט) איז אַ שוואַכלינג און אַ „פאַרשלאָסע־נער אין זיך". דערפאַר וואָס אים האָט אויסגעפעלט די דערציאונג פון אַ פאָטער און די צערטלעכקייט פון אַ מוטער. ער איז אויך איין ייד אין אַ פּראַוואָסלאַוונער שול און אומגעבונג. ער וואַקסט דערפאַר אויס אַ קאָמ־פּליצירטע נאַטור. דאָס ווירקט אויך אויף זיינע שפּעטערדיקע האַנדלונגען.

6) דאָס בילד פונעם טייך ווייסל אין אָנהויב פרילינג ווען דאָס אייז הויבט אָן ברעכן מיטן גאַנצן מעכטיקן שטראָם, וואָס אַש ברענגט אַרויס איז אַזוי פּרעכטיק, אַז עס איז שווער צו באַשרייבן.

7) אין „דריי שטעט". אין האָטעל מעטראָפּאָל. די קעלנערס (סאַרווערס) זייער איינקונפט איז מערסטנס באַשטאַנען פון „טרינק־געלט" („טיפּס"). זיי ווייזן אַרויס אָפענע סימפּאַטיע מיט די רייכע געשטראַנדטע געסט אין דער ציט, וואָס דער קאַמף פאַר דער רעוואָלוציע גייט אָן אין גאַס. זיי, די סאַרווערס, קוקן אַרויף מיט יראת הכבוד צו די רייכע. דאַקעגן, די אַרבעטער

וואָס טוען די שוואַרצע אַרבעט אין האָטעל, ווייזן אַרויס אַן אָפענע שנאה צו אָט־די „אָפּגעפּרעסענע" געסט (זייער פּסיכאָלאָגיע איז אַנדערש אויס־געפורעמט געוואָרן).

אַז מירקין האָט שוין איינמאָל געהונגערט, איז ער שוין פאַררעכנט געוואָרן אין ‚מילכיקן רעסטאָראַן" ווי אַן אייגענער („דריי שטעט").

„אַלץ וואָס איז דאָ אין אונדזער נאַריש וועלטל איז נאַריש, געמיין און טאַלאַנטלאָז". און קוקנדיג אויף אירע געפוצטע נעגל, זוכט זי אַ דער־לייזונג פאַר איר טראַגישן איך אין אַ גרויסן וואָרט, אין אַ וואָרט, אין אַ נייעם וואָרט וואָס זאָל קומען און באַפרייען די וועלט פון איר טראַגישקייט" (פעטערבורג, זז. 127).

ווען די כלומרשטע קונסט־טענץ אין פעטערבורג אַ כאַראַקטעריסטיק פון פוסט און פאַסניקעס. די דעקאַדענץ פון פוסטקייט און אויסגעוואָרצלטקייט, די פערזענלעכע טראַגישקייט פון אַ יידישער טאָכטער וואָס האָט חתונה געהאַט מיט אַן עלטערן רייכן רוסישן באַאַמטן. פון איר אייגענער סביבה איז זי אַרויסגעריסן און אין אַן אַנדערע ווערט זי ניט אָנגענומען.

די נאַטירלעכע צוגעבונדנקייט צום יידישן שטאַם מאַכט אויך שווערער איר פּאָזיציע (אַש אונטערשטרייכט אומעטום אָט־דעם נאַטירלעכן צובונד).

נייטן דאַווידאָווסקי, דער האָפענונגסלאָזער און פאַרקריפּלטער („איסט ריווער") פאַרלירט אינגאַנצן זיין מוט. ער קאָן אפילו ניט קעמפן קעגן לעבן. ווען דאָס מיידל מעקאַרטי קומט און הויבט־אָן אים צו באַהאַנדלען און אים באַדינען, קליידן און שפּייזן, דערוועקט זיך אין אים די ליבע און עראָטישע פאַרלאַנגען. דאָס גיט אים שוין כוח צו וועלן שטאַרבן, כדי ער זאָל קריגן כוח צו וועלן לעבן דאַרף ער פריער ווערן רעליגיעז. ניט די רעליגיע ווי זיין פאָטער פאַרשטייט זי. זיין רעליגיע באַשטייט אין אַרבעטן פאַר דער מענטש־הייט. ס'איז דער גלויבן אין אַ העכערער אינסטאַנץ, דאָס געפינען אַ ציל אין לעבן גיט אים געגוג כוח ער זאָל וועלן, ער זאָל שטרעבן צום לעבן.

עס איז אויך כאַראַקטעריסטיש דער אונטערשייד פון דער באַציאונג פון משה וואָלף, זיין פאָטער און פון דער מוטער צום פאַרקריפּלטן נייטען׳ ביים פאָטער, אַ טיף־גלויביקער, ווערט די ליבע צום זון שטאַרקער. משה וואָלף האָט אַן אומפאַרשטענדלעכן אָפּטימיזם, אַ האָפענונג, אַז זיין זון וועט געזונט ווערן. די מוטער אָבער זעט אין נייטענען אַ שטער וואָס קאָן צעשטערן

די גאַנצע פאַמיליע. נייטן דערשפּירט דעם אונטערשייד און פאַרלאַנגט אַז נאָר דער פאָטער זאָל אים באַהאַנדלען („איסט ריווער"). אפילו אוירווינג דאַווידאָווסקי׳ס פינאַנציעלער דערפאָלג קומט דערפאַר וואָס אוירווינג פאַר־שטייט באַצייטנס די פּסיכאָלאָגישע ענדערונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען ביי זיינע פּראָוויץ־קויפערינס און ער פּאַסט צו זיינע מאָדעלן צו זייער פאַרלאַנג.

פּסיכאָלאָגישע פאַקטאָרן (עסקעיפּיזם) פאַרוואַנדלען משה וואָלפן אין אַ פרומען חסיד („איסט ריווער").

פון דעם טאָג־אָן ווען ער, זאַכאַרי, האָט באַזוכט העלענא סטעפאַנאָוואַ (זיין פאָטערס געליבטע), האָט ער, זאַכאַרי, דערפילט אַ קאַלטקייט פון זיין אייגענער אָם. זי, „ מאַריאַ איוואַנאָווא, זיין אָם, וואָס איז שטענדיק געווען אים געטריי ווי אַ מוטער זאָגט אים „ניט איך בין אייפערזיכטיק ,דיין מאַמע (וואָס איז שוין טויט) איז אייפערזיכטיק" („דריי שטעט").

די געטריישאַפט צום אָנקל (פון זיין פלימעניק) איז ניט געווען חניפה עס איז געווען פאַרגעטערונג צום מענטשן וואָס ער האָט גענומען אַלס פאָרבילד, אַלס אידעאַל צו וועמען ער זאָל אַמאָל אַליין ענלעך זיין. אין דער פאַרגעטערונג פון אָנקל און דער געטריישאַפט צו אים איז געלעגן די טריי־שאַפט צו זיך אַליין און צו זיין אייגענער צוקונפט ווען ער אַליין וועט זיין דער אָנקל („אָנקל מאָזעס", זז. 82).

די באַציאונג פון מאָטקע גנב צו זיינע מיידלעך (ווייסע שקלאַפן) בייט זיך אַזוי גיך ווי ער באַשליסט אויפגעבן דעם פּראָסטיטוציע־געשעפט. פריער איז צווישן זיי אַ ברידערלעכקייט, שפּעטער — אַן אָפּגעפּערעמדקייט (מאָטקע).

דער אַלטער מירקין קומט אַליין איבערגעבן די נייעס זאַכאַרין, אַז זיין מוטער איז טויט. זאַכאַרי דערפילט אַ ניט־אויפריכטיקייט אין פאָטערס טאָן „און דאָס האָט אים מער געוויייטיקט ווי דאָס שרעקלעכע נייעס, וואָס דער פאָטער האָט אים געבראַכט" (פּעטערבורג זז. 89).

דער אַדוואָקאַט האַלפערן האָט צוויי אַרויסהעלפערס: דער רייכער מירקין אָנגעטאָן אָפּגעלאָזן, דער אָרעמער וויינשטיין זייער אָפּגעהיט. אויך איז ער זייער געהיט אין זיין שפּראַך, זי זאָל קלינגען גראַמאַטיקאַליש און אָן אַן אַקצענט. דאָס האָט אַריינגעבראַכט אַ הפסקה אין זיין ריידן וואָס פלעגט דערווידערן. פאַר רייכע מענטשן האָט דער געהילףגעהאַט אַ שוואַכקייט. יאַקאָוו שמועלעוויטש וויינשטיין האָט זיך באַליידיקט אַז מען האָט גאָר

געקענט דערוועגן זיך צו טראַכטן וועגן דעם אַז ער פֿאַרשטייטט זשאַרגאָן.

מיט אַלעקסאַנדער דעם דריטנס רדיפות הויבט אָן גבריאל מירקין שע־קען מער אויפמערקזאַמקייט זיין אייגענער אמונה. „וואָס מער זיי האָבן אונדז פּיינט, אַלץ מער הויב איך אָן פילן אונדזער אייגענעם ווערט". ער האָט געשיקט געלט מיטן זון פאַר אַ וויכטיקן יידישן צוועק.

גבריאלס אויפרעגונג, ווען זאַכאַרי דערוויסט זיך, דורך זיין אַם, אַז ער איז אַ ייד. אגב, דאָ ווייזט זיך אַרויס די אינעווייניקסטע צוגעבונדנקייט פון דעם יידישן יחיד צום אייגענעם שטאַם.

8) מענדעלע האָט געשילדערט נאָר פון זיין צייט און פון זיין סביבה, ריכטיקער פון זיינע ערשטע יאָרן.

דער גרויסער קינסטלער שלום־עליכם איז שוין שוואַכער ווען ער דאַרף מאָלן דעם נייעם דור, די נייע כתרילעווקע, דעם נייעם שטאָטישן לעבן, די נייע אויפגעקומענע גבירים, די נייע אַריסטאָקראַטיע. שלום עליכם האָט זיך מער אידענטיפיצירט, האָט מער סימפּאַטיע פאַר אַלט כתרילעווקע. אויסער ביי דעם יונגן רעוואָלוציאָנער געפינט שוין שלום עליכם ניט אַזויפיל אידעאַל, אַזויפיל מסירת־נפש, אַזויפיל אויסדויער און לעבנס־חכמה אין דעם נייעם גרויס שטאָטישן לעבן.

(עס איז אָבער מעגלעך, אַז די אַריסטאָקראַטישע אין ערשטן דור האָט זיך מער פאַרפרעמדט פון איר פאָלק ווי דער צווייטער דור. דאָס איז אָבער אַן ענין פאַר זיך אַליין).

י. ל. פרץ שילדערט ווייניק פון זיין אייגענער צייט און זוכט אינס־פּיראַציע אין אונדזערע לעגענדעס צו אַרויסברייגען די גייסטרייכע פיזאָ־נאָמיע פון יידישן פאָלק.

9) וועגן תהלים ייד:

„אַ סך הכל פון מאָטיוון צעשפּרייט איבער אַש'ס פריערדיקע ווערק. גלויבן איז דער תוך פון ראָמאַן, אַ העכערער גלויבן וואָס שטייט איבער פאָרם אָדער ריטואַל און נעמט אַרום אַלע מינים גלויביקע" (לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור פון „ציקאָ").

דאָס איז ניט קיין ריכטיקע מיינונג. שלום אַש שילדערט די עפּאָכע ניט דעם יחיד. דאָס וואָס ער מאָלט ר' יחיאל'קען ווי אַן אויסערגעוויינלעכן טיפּ פון גוט־האַרציקייט און בטחון, איז דאָס דערפאַר וואָס אַנדערש וואָלט דאָך דאָס פאָלק ניט אויפגענומען אים אַלס הייליקן.

ש. ניגער וועגן תהלים ייד:

„שלום אַש האָט טיפער ווי אַנדערע געפילט און אויסגעדריקט דעם געראַנגל צווישן יעקב'ן און עשו'ן און ווייל ער האָט געפילט און אפשר אַליין, אין זיך אַליין איבערגעלעבט די צעריסנקייט און די „צוויי־שטאָקיקייט" פון מענטשלעכן לעבן, האָט ער געבענקט אַזוי שטאַרק נאָך גאַנצקייט, נאָך אַ גאַנצן יידן און גאַנצן מענטשן... און ווייל ער האָט אַזוי געבענקט נאָכדעם, איז אַשן געלונגען אויסצוחלומען די געשטאַלט פון „תהלים ייד", די געשטאַלט פון אַ מענטשן, אין וועלכן הימל און ערד, שבת און וואָך זיינען אײנס".

דאַכט זיך, אַז דאָס איז פשוטע, פוסטע מליצה. „אַש קאָן מאָלן די די סטאַטיק, ניט די דינאַמיק פון דער נשמה, דאָס געוואָרענע ניט דאָס ווערנדיקע. אין מאָנאָלאָג איז ער דערפאַר שטענדיק פרייער און געטרייער זיך גופא ווי אין דיאַלדאָג". דאָ איז ש. ניגער אינגאַנצן פאַלש. אַש איז כאַר דינאַמיק. ער איז שטאַרקער אין זיינע שילדערונגען פון דער גאַנצער גע־זעלשאַפט און אין זייערע אַנטוויקלונגען. ער איז שוואַכער אין מאָנאָלאָג, דערפאַר מאָלט ער אַלעמאָל אין דריטן פערזאָן ,און מיט דער גאַנצער סביבה

דאַכט זיך, אַז אין זיינע דראַמען איז ער אויך דערפאַר שוואַכער. ס'איז אויך כדאי צו באַמערקן אַז ניגער איז פאַלש אין אַ סך פונקטן וועגן תהלים־ייד .אַש האָט ניט קיין „ויתרוצצו" צווישן יעקבן און עשון. אַש איז אַלעמאָל אוניווערסאַל, ער איז קיינמאָל ניט אבסקוראַנטיש, קיינמאָל קיין „צוריק צום „געטאָ ייד".

צווייטנס זוכט ניט אַש קיין גאַנצן ייד און גאַנצן מענטש. פילע פון זיינע טיפּן זיינען גאַנצע יידן און גאַנצע מענטשן. אַזוי איז ר' ברוך כאַמסקי

אין די ׳דריי שטעט״, דר. לייזעראָוויטש אין „וועג צו זיך״, דר. כאימאָוויטש, משה וואָלף, די אונגאַרישע געליבטע פון וויינשטאָקן (אין „איסט ריוועד״).

אַש זעט געטלעכקייט אין יעדן מענטש. דאָס מיינט גאַנצקייט אין יעדן מענטשן. אַשס געטלעכקייט באַשטייט ניט אין תהלים זאָגן.

## צווייטער קאַפּיטל

# זיינע אידעאַלן

איז אַש פּראָגרעסיוו? איז ער קעמפּעריש? וועלכע געדאַנקען וויל ער אונז איבערגעבן מיט זיינע דערציילונגען?

1) חשיבות פון מענטש.

דער הויפּט-מאָטיוו וואָס אַש ברענגט אַרויס אין אַלע זיינע בילדער איז די חשיבות פון מענטש. דער מענטש איז דער „בחיר היצורים". דער תמצית פון זיינע דערציילונגען איז, אַז יעדער מענטש אָן אויסנאַם איז געבאָרן מיטן געפיל פון גוטסקייט, ליבשאַפט, ליבע און רחמנות צום מענטשלעכן מין. עס איז איינגעבאָרן אין אים „כי יצר לב האדם טוב מנעוריו". עס איז גאָר ניטאָ קיין פאַרדאָרבענער מענטש. עס זיינען די אומשטענדן פון דער געזעלשאַפט וואָס נעמען אים אַרויס פון זיינע נאַטירלעכע נייגונגען. אָרעמקייט, פאַרביטערטקייט, אומבאַגרענעצטע מאַכט פון יחידים ברענגען דעם מענטשן צו שלעכטע האַנדלונגען. אַלע זיינע בילדער זיינען פול מיט מענטשן וואָס פאַרמאָגן אידעאַלן און מסירת-נפש און ס'איז ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן ייד און ניט ייד. 1)

דערפאַר וואָס אַלע זיינע דערציילונגען זיינען פון יידישן לעבן און ווייל אַלע זייע שילדערונגען זיינע קינסטלעריש ריכטיק, און איבערצייגנדיק דערפאַר ווערן מיר באַקאַנט מיט זייער פיל שיינע טיפן וואָס יידן פאַרמאָגן. (דורך איבערזעצונגען ווערן אויך אַנדערע מיט זיי באַקאַנט).

2) אוניווערסאַליזם.

די יידישע לאַנג דורותדיקע קולטור איז אַלעמאָל געווען אוניווערסאַל. אַלע יידישע וויכטיקע קינסטלער שילדערן דעם ניט-יידן אויפריכטיק. שלום אַש איז ניט קיין אויסנאַם. אַש, וואָס שפּרייט אויס זיין בילד אויף דער גאַנצער

סביבה האָט דערפאַר מער בילדער פון ניט יידן אין זיינע ראָמאַנען און זיי ווערן אַרויסגעבראַכט מיט חשיבות און כבוד. 2)

3) מענשלעכקייט איז אַ נאַטירלעכע נויטווענדיקייט

העלפן דעם צווייטן איז פאַר זיך אַליין אַ צוועק פון לעבן. מיטאַרבעטן מיטן כלל ברענגט נחת רוח, צופרידנקייט מיטן לעבן. העלפן אַנדערע איז אַ גוטער מיטל צו באַפרידיקן זיך זעלבסט. „שכר מצוה — מצוה״. 3)

4) אַש — דער פּראָגרעסיווער קעמפער

ווי יעדער גרויסער קינסטלער האָט אַש אַ כוונה אין זיין שרייבן. מיט זיינע שילדערונגען ברענגט ער אַרויס פאַקטן, פאָרמען פון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן, כדי אונדז צו לערנען אַרויסצוברענגען געוויסע געדאַנקען, אונדז ווייזן די אומרעכטן און פאָדערן אַן אויסבעסערונג, אונדז געבן צו דערפילן זאַכן, וואָס מיר האָבן אפשר גאָר ניט געוואוסט. מיט איין וואָרט: אַש איז אַ פּרעדיקער, אַ קעמפער.

ער רייסט אַראָפּ די מאַסקע פון אַלץ וואָס איז שלעכט און נידערטרעכטיק. ער ברענגט אַרויס די חולאת'ן, די פעלערן פון אונדזער געזעלשאַפט. דערקענען די קראַנקהייט איז שוין פאַר זיך אַליין אַ האַלבע רפואה. אַש קעמפט קעגן עקספּלואַטאַציע. „שוין דער פאַקט אַליין, וואָס איין מענטש איז בכוח צו געבן פּרנסה צו פילע אַנדערע אָדער לאָזן זיי הונגערן' באַטראַכט ער אַלס אומרעכט און באַקעמפט עס („אָנקל מאָזעס״). ער באַקעמפט לענדלאָריזם, הייזער מיט אומסאַניטאַרע באַדינגונגען און פאַרפּעסטעטע ווערקשטאַטן. ער שילדערט דעם נאָענטן שייכות פון עקספּלואַטאַציע מיט קאָרופּציע. ער ברענגט אַרויס די קראַנקהייטן, וואָס ווערן פאַראורזאַכט אַלס רעזולטאַט פון לענדלאָריזם.

ער באַקעמפט אָרעמקייט, די שענדלעכע באַהאַנדלונג און באַציאונג צו די פרויען, וואָס זוכן אַרבעט. באַקעמפט די מעכאַנישע און היפּאָקריטישע פרומקייט פונעם „טשיקענמאַן״ מיט זיין רעוורענד און זייער גלייכן, אפילו די פאַרהאַרטעווקייט „דזשאַב אָנהאַלטונג״ פון די אָנגעשטעלטע אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן (טרעיד יוניאָנס) ווערט שוין פאַראויסגעזאָגט און קריטיקירט (אין „איסט ריווער״).

אַש באַקעמפּט קינדער־אַרבעט. ער קריטיקירט שטאַרק די יידישע רייכע פאַבריקאַנטן פאַר ניט אַריינעמען יידישע אַרבעטער אין זייערע פאַבריקן (לאָדזש), ער קריטיקירט די קליינע אונטערנעמער וואָס ווילן רייך ווערן אויף די קליינע שכירות וואָס זיי צאָלן זייערע אַרבעטער און פאַר די אומסאַניטאַרע ווערקשטאַטן. אַש קעמפּט פאַר די אָרעמע מאַסן, פאַר אָרגאַניזירן זיי, פאַר אויסבעסערן די געזעצן, פאַר קאָאָפּעראַטיווער אַרבעט (ווי הויך ער שאַצט די קאָאָפּעראַטיווע אַרבעט אין עמק — „געזאַנג פון טאָל״). 4).

אַש איז אויך דער פּראָגרעסיווער קעמפער מיט דעם וואָס ער האָט ניט קיין פּלאַץ פאַר אָבסקוראַנטיזם, פאַרן „צוריק צום געטאָ״־רוף. ער האָט אויך ניט קיין ליוב־געזאַנגען פאַר דער „באָבעס טשיפּעק״. ער שאַצט אָפּ פרומע רעליגיעזע יידן מיט אידעאַלן פון מענטשן־ליבע און מענטשן ווירדע. ער באַפּוצט אָבער קיינמאָל דאָס אָפּהיטן די ריטואַלע דינים: טלית און תפילין, לולב, מקווה, און זייער גלייכן.

6) רעליגיע

בנוגע צו רעליגיע איז אַש ווידער ענלעך צו טאָלסטאָיען. אין תוך איז אַש אַ רעליגיעזער מענטש. ער זעט אַ העכערע אינסטאַנץ וואָס באַהערשט די וועלט און וואָס האָט פון זיין הויכקייט אויך געשענקט דעם מענטשן. „ותחסרהו מעט מאלהים״. אָבער פּונקט ווי טאָלסטאָי איז אַש אַ קעגנער פון אָרגאַניזירטער רעליגיע, קירך, שול, א. אַ. וו. דינען גאָט, מיינט ביי אַשן דינען דעם מענטשן, העלפן דער מענטשהייט. 5 און 6).

ווען דער קריפּל נייטן דאַווידאָווסקי ווערט רעליגיעז, גייט ער ניט אין שול. ער גייט שטאַרקן דעם אונטערדריקטן קלאַס. „וואָס האָט יידישע אמונה און קריסטלעכע אמונה צו טאָן מיט גאָט? לאָזט אַש זאָגן נייטענען ער זאָגט דאָרט אויך „ריטואַל מאַכט אַ שקלאַף פון גאָט״ („איסט ריווער״). מיט אַ סך ליבע מאָלט אַש דעם פרומען משה־וואָלף דאַווידאָווסקי און אויך אַזוי מאָלט ער מיט חשיבות דעם פרומען ר׳ ברוך כאַמסקי פון טאָלטשין (דריי שטעט). ער שטעלט זיך אָבער נאָר אָפּ אויף זייערע גוטע מידות

זייער גוטע באַציאונג צו אַנדערע מענטשן. אַש באַזינגט ערגעץ ניט זייערע ריטואַלע פּינקטלעכקייט, זייער דאַוונען, זייערע מקוואות אָדער די שטריימל מיט די ווייסע זאָקן. אַש דריקט אויס זיין סימפּאַטיע מיט די פרומע יידן, פילט טיף זייערע ליידן אין אַ נייער, פאַר זיי, סביבה (אָנקל מאָזעס), זייער בענקען נאָך זייער איינגעשטעלטן סדר אין זייער לעבן (איסט ריווער, קיין אַמעריקע).

אויף אַזויפיל ווי ער איז פּאָזיטיוו צום רעליגיעזן געפיל, אויף אַזויפיל איז ער נעגאַטיוו צו דער קירך. ער לאָזט ניט דורך קיין געלעגנהייט צו אַטאַקירן די קירך.

ער פאַרטיידיקט די אָרגאַניזירונג פון אַרבעטער יוניאָנס און זאָגט „די איר־לענדער איז שווערער צו אָרגאַניזירן ווייל זיי שטייען אונטער דער ווירקונג פון דער קירך". דאָס מיינט, די קירך זאָרגט זיך ניט פאַר די אַרבעטער. באַקעמפנדיק די קינדער־אַרבעט און הויז־באַנדלעך טאַדלט ער די קירך גאַנץ שטאַרק, די קירך שטערט דורכצופירן געזעצן וואָס זאָלן אָפּשאַפן קינדער אַרבעט און היים־באַנדלעך. מיט כעס און איראָניע זאָגט ער „נאָך דער קירך קומט אויס. אַז אַמעריקאַנער עקאָנאָמיע וואָלט אונטערגעגאַנגען אויב מ'זאָל אָפּשאַפן קינדער־אַרבעט. די אַמעריקאַנער עקאָנאָמיע קאָן זיך האַלטן נאָר אויף דעם בלוט פון קליינע קינדער" (איסט ריווער).

„די קאָזאַקן קוילען, מאָרדעווען יידן מיטן צלם אין די הענט" (קדוש השם). דאָרטן זאָגן אויך די יידישע פּרנסים „מיט דער סוועטסקער מאַכט, (די סעקולאַרע מלוכה) קאָנען מיר ווי ס'איז אויסקומען, אויספּועלן, נאָר ניט מיט די גלחים און קירכע. זיי האָבן מיר מורא אָנצורירן, ווייל אַ גרויסע צרה קאָן חלילה אַרויסקומען פאַרן כלל".

די גאַנצע דערציילונג „די כשוף מאַכערין פון קאַסטיליע" איז איין גרויסע אָנקלאַגע קעגן קירך און פּאַפּ. מיט קראַפט מאָלט ער אויס די גאַנצע באַפּוצונג. די אויסערלעכע שיינקייט פון דער קירך און מיט קראַפט שילדערט ער די גאַנצע פאַרדאָרבנקייט, אכזריות, ברוטאַליטעט וואָס קיין מענטש איז גאָר ניט פעאיק צו טאָן ווערט דורכגעפירט ביי דער קירך. מיט דעם זאָגט אַש „אָט איז גאָט'ס דעפּיוטי". אַש וואָס זעט אומעטום גוטסקייט אין יעדן מענטשן שטעלט אַנטקעגן די ברוטאַליטעט פון דער קירך.

אַש זעט אַ גאָט, אַ העכסטן אינסטאַנץ אין דער נאַטור און זעט דעם

מענטש אַלס דער צוועק פון דער נאַטור און זעט אין מענטש איינגעבאַרן אַ טייל פון געטלעכקייט, אָבער וועגן קירך אָדער שול האָט ער אַ נעגאַטיווע שטעלונג. 7 און 9)

7) לעבן איז דאָס וויכטיקסטע אין דער נאַטור

„זייט מציל די נפשות, זיי געהערן ניט צו אייך. זיי געהערן צו גאָט, באַהאַלט אייער גבורה, גאָט וועט דאַרפן אייער גבורה אויף אַ העכערן ענין", זאָגט דער האַלב-לעגענדאַרער שניידערל אין „קידוש השם".

רחל לאה הורוויץ זאָגט כמעט דאָס זעלבע אין 'די דריי שטעט". מיט יראת הכבוד שילדערט ער ווי „אַ מענטש ווערט געבאָרן". דערפאַר גלאָריפיצירט ער די מוטער וואָס איז די „אם כל חי".

אגב אַש דער רעאַליסט מוז דאָך אַרויסברענגען די מוטער ווי זי איז אין דער ווירקלעכקייט מיט אַלע אירע נאַטירלעכע אַטריבוטן.

עס איז דערפאַר ניט ריכטיק סאָפּאָזשניקאָווס באַמערקונג, אַז „אַש האָט סובלימירט אַ גרויסן טייל אינפאַנטילע טענדענצן פון מוטער קאָמפּלעקס".

8) אַש'ס אויסדריקלעכער אוניווערסאַליזם שטערט אים ניט צו זיין העכסט נאַציאָנאַל.

אין פילע דערציילונגען ברענגט ער אַרויס דעם אייביקן בונד וואָס אברהם האָט געמאַכט מיטן „גייסט" פאַר אַלע צוקונפטיקע דורות. די שטאַרקסטע נאַציאָנאַלע בענקשאַפט ווערט געשילדערט אין זיין „געזאַנג פון טאָל".

ער פאַרגעסט ניט אויפמערקזאַם מאַכן די נויטווענדיקייט פון יידישער דערציאונג און דעם יידישן דראַנג נאָך ארץ-ישראל 8).

# באַמערקונגען

1) אין אַלע זיינע ווערק ווערן מענטשן געשילדערט אַזוי אַז זייערע

גוטע באַציִאונגען צום מיט־מענטשן זאָל זיך בולט אַרויסווייזן.

דער אַלטער ר׳ ברוך חאַמסקי וואָס קומט קיין פּעטערבורג אָפּצו־ראַטעווען זיין שטעטל, דער אַדוואָקאַט וואָס באַקעמפט די צאַרישע גזירות, דער יונגער מירקין, זיין אַם מאַריאַ איוואַנאָוואַ, די קעמפער קעגן צאַריזם. די קעמפער פאַר דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, אפילו די פרוי, וואָס פירט אָן מיט אַ הייזל פון פּראָסטיטוציע, אויך זי האַלט אויס יידן אין איר וואוינונג. יידן וואָס האָבן ניט קיין וואוינרעכט אין פּעטערבורג.

די אַלע זיינען נאָר אַ קליינער טייל פון די פילע טיפּן אין „די דריי שטעט״. דער שיינער טיפּ מענטש משה וואָלף, דער יונגער נייטן דאַווי־סקי, דער שניידער און סאָציאַליסט, דער געטרייער דאָקטאָר, אַ פריידענקער און אַנאַרכיסט, און אַנדערע פון „איסט ריווער״. אפילו אַזאַ נעגאַטיווער טיפּ ווי מאָטקע גנב פאַרמאָגט דאָך אַ מענטשלעכע נשמה. ער האָט ליב און בענקט נאָך זיין מוטער. חתונה האָבן וויל ער נאָר מיט אַן אָנשטענדיקער יידישער טאָכטער. ער האָפט אַרויסצוגיין פון דעם פּראָסטיטוציע־געשעפט און אַז ער דערוויסט זיך אַז פּאָליציי זוכט אים וויל ער שוין ניט אַנטלויפן. זיין פאַרלאַנג צו באַפרייען זיך פון זיין אומווירדיקער פּרנסה איז אַזוי גרויס, אַז ער האָט שוין ניט דעם כּוח צו אַנטלויפן. ער לאָזט זיך בעסער אַריינפאַלן אין פּאָליצייאישע הענט.

אַגבֿ, די וואָס וויל אים אַרויסראַטעווען איז טאַקע איינע פון זיינע ווייסע שקלאַפינס.

דאָ איז וויכטיק צו ברענגען ש. ניגערס אַ באַמערקונג וועגן אַש׳ס „מאָטקע גנב״: „מאָטקע גנב געשריבן מיט זיין לירישער וואַרעמקייט, סימ־פּאַטיע און הומאָר. אָבער דאָס קאָן מען נאָר זאָגן וועגן דעם ערשטן טייל פון ראָמאַן, וועגן מאָטקעס קינדהייט און אָרעמער סביבה, די איבעריקע טיילן זיינען, ניט געקוקט, אויף איינציקע און קינסטלערישע סביבה, ניט מער ווי טיילן פון אַ גאַנץ געוויינלעכער קרימינעלער געשיכטע״ („דער־ציילער און ראָמאַניסטן, זז. 357).

מיט מיין גאַנצן רעספּעקט פאַר ש. ניגער׳ן, בין איך אָבער אויך דאָ ניט איינשטימיק מיט אים. שלום אַש שילדערט אין „מאָטקע גנב״ דעם בוי פון דער גזולעשאַפט און די שייכות פון פאַרברעכן מיט דער פּאָליציי און

די רייכערע קלאַסן אין דער געזעלשאַפט. אַש ברענגט אַרויס אַז די וואָרצלען פון פאַרברעכן זיינען אין דעם בוי פון כלל, ניט אין דעם פרט, דעם יחיד.

עס איז כדאי צו פאַרגלייכן „מאָטקע גנב" מיט „תחית המתים" (וואָס־קרעסעניא) פון לעוו טאָלסטאָי. זיי האָבן ביידע ענלעכע טעמעס. די אומשטענדן טרייבן קאַטיאַן צו פּראָסטיטוציע אין „תחית המתים". די אומשטענדן טרייבן אויך מאָטקען צו גנבה און פּראָסטיטוציע. אין תפיסה האָבן די אַרעסטאַנטן מער צוטרוי און סימפּאַטיע צו קאַטיען ווי די געזעלשאַפט פון די געשוואָרענע ריכטער. די ווייסע שקלאַפין העלפט מאָטקען אַרויסדרייען זיך פון די פּאָליציייאישע הענט. די ברוטאַליטעט פון דער גאַנצער אויסבעסערונג־מאַשין, די יוסטיץ אין „תחית המתים", די פאַרדאָרבנקייט פון דער העכערער געזעלשאַפט מיט אירע אַרויסהעלפער פּאָליציי אין „מאָטקע גנב".

דער גאַנצער „בלאָק" (די געגנט) אינטערעסירט זיך און העלפט אַרויס דער טובערקולאָזער פאַמיליע (איסט ריווער). אַלע שכנים פּראָטעסטירן ווען דער פעדלער לייגט אַרויף צופיל משא אויף 'אַנטאָני דעם לאַנגן', זיין פערד (איסט ריווער). דער קאַרגער וועלוול קאָלבאַס שלאָגט אליין פאַר אַרויסצו־העלפן דער אָרעמער פרוי מיט פלייש (דריי שטעט). דער דאָקטאָר לייזע־ראַוויטש ארבעט עַנערגיש צו היילן די אָרעמע אין האַמליער ראָוו, דער דאָקטאָר אין „איסט־ריווער" כמעט דאָס זעלבע. די יידישע מיידל, וואָס העלפט פריער איר פריינדין צו ראַטעווען זיך אינעם „טרייענגל פייער", און אליין ווערט זי טאַקע פאַרברענט. אַט אַזוי שילדערט אַש אַן אַ שיער טיפּן און כאַראַקטערן וואָס געפינען באַפרידענקייט אין העלפן אַנדערע.

2) אַט מאָלט אַש אַ טיפּ רחל לאה הורוויץ אין „דריי שטעט". זי איז אַ פרוי מיט נאַטירלעכער אינטעליגענץ. טעטיק פאַר איר אייגענער פאַמיליע און טעטיק אין ארויסהעלפן אנדערע מיט אַ נאַטירלעכן חוש פאַר פאַר־שטענדעניש

און אַט מאָלט ער אַן אַנדער טיפּ, אַ ניט יידישער, מאַריאַ איוואַנאָוואַ, זאַכאַרי מירקינס אַם, וואָס האָט אים געזויגן ווען זאַכאַרי איז אַן עופעלע געווען און וואָס היט אים אָפּ און האלט טייער ווי אַן אייגן מוטער מיט ליבע און מיט פאַרשטענדעניש (דריי שטעט). אַן אַנדער ניט־יידישע פרוי קלאַראַ, באַהאַנדלט וויינסטאָקס קליינע קינדער ווי אַן אמתע מוטער. אפילו שפּעטער ווען זי ווייסט שוין אַז וויינסטאָק וועט מיט איר ניט חתונה האָבן איז זי אַלץ געטריי צו זיינע קינדער (איסט ריווער).

מערי מעקאַרטי אַן אירלענדישע (איירישע) מיידל קומט אַרויסהעלפן דעם פאַרקריפּלטן נייטן דאַווידאָווסקי מיט שפּייזן, אַנטאָן און ארומוואַשן. פון איר ערשטער פאַרדינסט קויפט זי גומענע זאָקן פאַר איר באָבען און באַשערייען פאַר אירע קליינע שוועסטערלעך. אפילו מעריס פּאָטער, דער אָפיציעלער אַנטיסעמיט פון בלאָק האָט אויך זיין מענטשלעכקייט, דעם כבוד, וואָס ער גיט אָפּ זיין אַלטער מוטער. ווען ער גייט זונטאָג מיט זיין פאַמיליע אין קירך, מאָלט אים אַש, ווי ער וואָלט דענסטמאָל געהאָט אַ נשמה יתירה. פּונקט ווי ער מאָלט אַ יידן גיין שבת אין שול (איסט ריווער).

דער פּאָליאַק סוויטקאָווסקי איז ברוגז פאַרוואָס מען בעט ביי אים ניט קיין הילף פאַר די אומגליקלעכע, פאַר די אָרעמע אין צייט פון קריזיס (דריי שטעט) ער נעמט אַריין אַן אָרימען ישיבה בחור און גיט אים אומזיסט עסן און אַ וואוינונג.

שלום אַש מאָלט דעם יידן אין אַלגעמיין מענטשלעכע פאַרבן און אַזוי מאָלט ער אויך דעם ניט־יידן. אַלע מענטשן זיינען באַשאַפן בצלם אלהים.

3) די חשיבות פון מענטש איז דער גרונטשטיין אין אַש׳ס שאַפן. אין דעם פאַרלאַנג און מעגלעכקייט צו העלפן אַנדערע געפינט דער קריפּל נייטן דאַווידאָווסקי דעם כוח זיך אָנהאַלטן ביים לעבן (איסט ריווער).

„יונגערמאַן רייסט זיך אַרויס פון די פינצטערע חדרים פון אייער קליינעם פּרט אין וועלכן איר האָט זיך אַריינגעשטופּט. וואוהין וועלן אייך די פינצטערע חדרים דערפירן? צו אַ כף הקלע. דאָס איז דאָך שרקעלעך!

„איר זענט נאָך יונג. איר הויבט ערשט אָן, וואָס זינקט איר דאָרטן אין אייער אייגענעם איך, איר נאָרעט זיך ווי אַ וואָרעם אין כריין? אַרויס פון דאָרטן. איר וועט דערפילן דעם דופק פון דער וועלט. איר וועט אָנקניפּן אייער געדאַנק מיטן גאַנצן כלל. איר וועט זיך דערפילן גאָר אַן אַנדערער, זאָגט מיר צו, יונגערמאַן! אַ שאָד, אַ שאָד אייער לעבן״. אַזוי לאָזט אַש זאָגן דעם אַלטן ברך האָמסקי פון דער טאָלטשינער קהילה, דעם פאַרצווייפלטן יונגן זאַכאַרי מירקין (דריי שטעט).

„כשאני לעצמי — מה אני״

„אַ מענטש קאָן נאָר דעמאָלט ווערן אויסגעליזט״, לאָזט אַש זאָגן וועגן

איינעם פון זיינע העלדן, „ווען ער לייזט זיך אויס אַלס יחיד און שאַפֿט זיך איין ווי אַ קליינער טייל פון כלל. „דו ווייסט אַז דו געהערסט צו אַ כוח וואָס שלעפּט דיך און דו ביזט ניט הפקר, לויפסט ניט אַרום אַליין מיט דיין נאַ־קעטקייט" (וואַרשע זז. 139).

„ פון דער גאַנצער פערזאָן האָט געפּלאָסן פרייד, דאָס איז געווען די פרייד וואָס קוועלט ביי מענטשן ווען זיי פאַרשטייען זייער ליבע צו זייער גאָט — צו זייער נאַטור. ווען דער מענטש איז איבערצייגט אַז ער טוט די פליכט וואָס איז אַרויפגעלייגט געוואָרן פון דער נאַטור. די פליכט וואָס מאַכט דעם מענטשן גופאי — אַ שטיק ווירקנדיגע נאַטור" (דער וועג צו זיך, זז. 99)

מערי אין „דער וועג צו זיך" געפינט איר רואיקייט נאָר דאַן, ווען זי באַשליסט צו לערנען די אַרומיקע, ד. ה. צו העלפן פאַרבעסערן דאָס לעבן פון אַנדערע.

3) אין זיינע אידעאַלן איז אַש אויך ענלעך צום גרויסן לעוו טאָלסטאָי. ווי טאָלסטאָי איז אויך אַש'ס הויפּט־מאָטיוו הומאַניטעט און ווי טאָלסטאָי וואַרפט ער די שולד פונעם יחיד אויפן שלעכטן בוי פון דער געזעלשאַפט.

אַש איז אָבער ניט תמיד ענלעך צו טאָלסטאָיען. זיי גייען זיך פאַנ־אַנדער מיט דעם וואָס טאָלסטאָי פּרעדיקט געדולד און דאָס גלאָריפיצירן דאָס ניט קעמפן קעגן שלעכטס.

טאָלסטאָי באַזינגט אפילו דעם טויט. אין „מלחמה און פרידן", ווען פּיער טרעפט זיך מיטן פויער אין געפאַנגענשאַפט ביי די פראַנצויזן און ווען דער יונגער באלקאַנסקי געפינט זיין פריערדיקע געליבטע פאַרן טויט.

אַש פּרעדיקט לעבן און קאַמף פאַרן לעבן. דער וועלט באַשאַף איז נאָר פאַרן לעבן „לא לתוהו בראה".

4) אַש באַקעמפט אַלץ וואָס איז עקלהאַפט. דאָס גאַנצע אומרעכט ווערט שאַרף און בולט אַרויסגעבראַכט אין זיינע דערציילונגען און ראָמאַנען. די טיפע באַליידיקונג וואָס די שיינע ראַכיל קומט אויס צו ליידן פון באַלעבאָס, פונעם פאַרמאַן און די אויפזעערס, ווען זי זוכט צו פאַרדינען ברויט פאַר זיך און אירע שוועסטערלעך (איסט ריווער), די גאַנצע הילפלאָזיקייט פון אַרבעטער אין שאָפּ און פון אָרעמען שכן (טענענט) אין די פינצטערע, אָפּ־

געלאָזענע טענעמענט־הייזער. דער טרייענגל־פייער, ווי אַ רעזולטאַט פון געלט־גייציקייט, די פינצטערע קעלער, וואו די ווערקשטאַטן ווערן איינ־געאָרדנט און וואו אָרעמקייט צווינגט מענטשן צו גיין דאָרטן אַרבעטן כדי צו פאַרדינען אויף אַ לעבן (אַנקל מאָזעס און איסט ריווער).

ווענן די שיינע הייזער וואָס פוסטעווען, זאָגט טשאַרלי: ״די הייזער זיינען דאָך אַ באַווייז פון דער אומגערעכטיקייט פון אונדזער אָרדנונג אין וועלכער מיר לעבן. מיר זעען עס טאָג־טעגלעך״ (אַנקל מאָזעס זז. 117).

ווענן דעמאָקראַטיע וואָס איז נאָר גוט פאַר די רייכע, זאָגט טשאַרלי. ״די דעמאָקראַטיע איז, נאָך מיין מיינונג, דער גרעסטער פיינט וואָס איז אָנגעשטאַנען אויף דער מענטשהייט זינט די וועלט עקזיסטירט. וואָרעם די דעמאָקראַטי׳, אַזוי ווי זי ווערט פאַרשטאַנען דאָ ביי אונדז אין אַמעריקע, גיט אַ רעכט יעדן איינצלנעם וועלכער באַזיצט באַגאַבונג צו פאַרשקלאַפן פאַר זיין אייגנטום אומבאַגרענעצטע גיטער, סיי אין טויטן מאַטעריאַל, סיי איז לעבעדיקע ווילנס... ווער עס האָט נאָר און קאָן אַריינגעבן כיטרעקייט, פאַרברעכערישע פעאיקייט, דער קאָן אָנטייל נעמען אין דער וועלט״ (אַנקל מאָזעס, זז. 118־119).

„און וואָס וועסטו געבן, טשאַרלי, אַמעריקע״? האָט מאַשע לאַכנדיק געפרעגט. — איך וועל געבן וואָס אַלע קינדער פון יידן וואָס קומען פון רוסלאַנד. מיר וועלן איר געבן דאָס וואָס די יידן האָבן געגעבן רוסלאַנד — אונדזער רעוואָלוציאָנערן גייסט, אונדזער אייביקן פראָטעסט, אונדזער אומ־צופרידנקייט. אונדזערע עלטערן זיינען געקומען און זיינען געוואָרן שקלאַפן אין אַמעריקע און מיר מוזן זיי באַפרייען. מיר אַלע זיינען קינדער פון שקלאַפן. זיינען אונדזערע עלטערן ניט געווען קיין שקלאַפן? מיין טאַטע דיין טאַטע. און האָט דיך ניט דיין טאַטע אַוועקגעגעבן צו זיין ברויט־געבער ווי מען גיט אָפּ אַ שקלאַפן־קינד?״

טשאַרלי צו מאַשען אין „אַנקל מאָזעס״ (זז. 126):

„מיר וואָלט לאַנגווייליק געווען צו זיין איינער אַ גליקלעכער, אָדער צו זיין בלויז מיט גליקלעכע, מיט אויסדערוויילטע וואָס האָבן די מעגלעכקייט צו האָבן פאַרגעניגן, פאַרגעניגן קאָן מען האָבן נאָר אָט דאָ אין קוני איילאַנד ווען מ׳זעט די גרויסע ברייטע מאַסן האָבן פאַרגעניגן״ (דאָרט. זז. 125)

5) דער פרומער למדן ברוך חאָמסקי זאָגט צו זאַכאַרי׳ן ווען ער, זאַכאַרי,

דערציילט אים אַז ער זוכט צו העלפן פּראָלעטאַריזירן די יידישע מאַסן, „וואָס מאַכט אויס ווי מ׳דינט גאָט. יעדער דאַרף דינען גאָט מיט וואָס ער קאָן״.

6) „דער מענטש נעמט מיט זיך אין דעם שוואַרצן וואַלד אַריין זיין מענטשלעכן אינסטינקט און דער דאָזיקער אינסטינקט וועט אים ראַטעווען״. אָדער „איך האָב פאַרטרויען (צוטרויען) צום מענטשן. ער וועט אַרויס־שפּרייזן פון אַלע וועלדער און נעכט וואָס לייגן זיך אויף זיין וועג. ווי זיג־זאַגיש דאָס זאָל זיך ניט אויסווייזן, איז דאָ אַ לאָגיק אין זיין גאַנג און אַ ציל אין אין זיין וועג.

אַש זאָגט אויך דורך דעם יונגן מירקין „די וויסנשאַפט לייקנט ניט אָפּ די עקזיסטענץ פון גאָט פאַרקערט, די וויסנשאַפט איז אַ לאָמפּ וואָס באַלייכט די פאַרבאָרגענישן פון געטלעכן שאַפן וואָס מיר רופן נאַטור „אונטער רעליגיעזן אינהאַלט מיין איך, פאַרשטייט זיך, מענטשן־ליבע און מענטשלעכקייט, ווייל דאָס העכסטע דינסט פאַר גאָט איז דאָס דינסט פאַרן מענטש״ (אַש, לויט ש. ניגער, ש. אַש, זז. 232).

7) „די רעליגיע וואָס דורך דעם פרייען געדאַנק איז זי אַרויסגעטריבן געוואָרן פון קאָפּ, האָט זיך באַזעצט צו אים אין האַרצן אַריין אין דער גע־שטאַלט פון אַן אומענדלעכער ליבע צו אַלע אָרעמע און ליידנדיקע״ (ש. ניגער דאָרט, זז. 112). ניגער איז דאָ פולשטענדיק גערעכט.

8) „נאָך האָט זיך ניט אויסגעטריקנט די אונטערשריפט אויף ענגלאַנד׳ס הבטחות, און די ערשטע קרבנות זיינען שוין געפאַלן פון באַשיצן זיך קעגן אַראַבישע אָנפאַלן. דער יידישער הויך־קאָמיסאַר לייגט אַ חרם אויף דער יידישער עמיגראַציע. פון אומעטום יאוש אָדער, נאָך ערגער גלייכגילטיקייט צו די הבטחות.

„עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ גרויסער נאַציאָנאַלער כוח און ער האָט ניט קיין פעלד אויף וועלכן זיין ענערגיע אויסנוצן. אָבער אַ וועג איז פאַראַן,

אַ וועג וואָס די חברים האָבן שוין אויסגעטראָטן און אויף אים אָנגעוויזן — דער וועג פון קאָלעקטיווער אַרבעט״ (געזאַנג פון טאָל, זז. 51).

וועגן יידישער נאַציאָנאַלער דערציאונג

גאָרניט האָט ער געהאַט אין זיין קינדהייט ער זאָל ליבן, ניט די לערע... ניט די אמונה פון וועלכער זיין פאָטער האָט זיינע קינדער אויסגעהיט און נאָר פון פאָרמע וועגן האָט ער זיי געשיקט ראש השנה און יום כיפור אין דער רעפאָרמער שול אַריין. אַש האָט פאַראַכטונג פאַר דער מאַשינאַלער רעליגיע צוליב אָנהאַלטן שטאַט.

9)מיט ליבע מאָלט אַש זיינע רעליגיעזע טיפּן ווי משה וואָלף דאַווידאָווסקי אָדער ר׳ ברוך כאַמסקי, אָדער די פרומע אַרבעטער אין אָנקל מאָזעס שאַפּ און מיט פאַראַכטונג קוקט ער אויף דער פאַרשטיינערטער מעכאַנישער רעליגיע ווי דער טשיקן מאַנס רעוורענד אָדער די ווייסע שקלאַפינס אין קוואַסנעצאָווס הייזל וואו דער אויפזעער נעמט זיי אַלע זונטאָג אין קלויסטער אַריין און זיי האַלטן זיך דאָרטן שטיל און אָנשטענדיק.

## דריטער קאפיטל

# היסטארישע נאוועלן; דער מאן פון נצרת; דער תהלים ייד, דער נביא

מיטן „נאַזאַריך" נעמט זך אַש אונטער אַריינברענגען זיינע לייענער אין דער אַטמאָספערע פון יענער שטורמישער עפּאָכע אין דער יידישער געשיכטע, אַן ערך צוויי טויזנט יאָר צוריק, ווען ארץ ישראל איז געטראָטן געוואָרן פון די רוימישע לעגיאָנען. דאָס יידישע פאָלק האָט געפלאַקערט מיט שנאה קעגן די רוימער. אין יענער צייט איז צווישן די יידן אַרויסגעוואַקסן אַ קוים באַמערקבאַרע סעקטע וואָס פון איר איז צוליב פאַרשיידענע היסטאָרישע סיבות אַרויסגעקומען דער איצטיקער קריסטלעכער גלויבן.

ש. אַש פאָרשט אויס יענע עפּאָכע. ער זוכט די וואָרצלען פון יענער סעקטע און די סיבות וואָס האָבן פאַראורזאַכט יענע באַוועגונג. ווי זיין שטייגער, זוכט ער די סיבות קודם כל אין די עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין יענער צייט און אין דעם גייסטיקן מצב וואָס יענע אומשטענדן האָבן אַרויסגעבראַכט

אין קלאָרע בילדער מאָלט ער דעם רוימישן אימפּעריאַליזם מיט זיין אַרויסקוועטשן יעדן טראָפּן בלוט פון זיינע אונטערטעניקע. ער ברייטערט אויס זיינע שילדערונגען פון דער גוואַלדיקער אונטערדריקונג וואָס די יידישע באַפעלקערונג פילט ביי יעדן צוזאַמענטרעף מיט די רוימער. זיי די רוימער, לאָזן פילן זייער מאַכט ביי יעדער געלעגנהייט. מיט ווילדקייט, מיט נידערטרעכטיקייט, מיט פאַראַכטונג באַהאַנדלען זיי די אונטערדריקטע פעלקער, איבערהויפּט דאָס יידישע פאָלק.

די אונטערדריקונג, די אָרעמקייט רופט אַרויס, פון איין זייט, אַ שטאַרקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, פון דער אַנדער זייט אַ טייל, וואָס איז האָפנונגסלאָז אַנטוישט, וואָס זעט ניט קיין אויסוועג, וואָס גלויבט ניט אין יעדע מעגלעכקייט צו באַפרייען זיך פון די שטאַרקע רוימישע חיילות. אָט־די פאַרצווייפלטע ווערן פאַר׳חלומ׳ט אין דער האָפנונג פון אַן איבערנאַטירלעכן אויסלייזער.

שלום אַש באַשרייבט ווי פון דעם ווערט אַ סעקטע וואָס נעמט ניט קיין אָנטייל אין דעם רעוואָלוציאָנערן אויפברויז, נאָר עס פאַרטיפט זיך אין תפילות, טבילות און פאַנטאַזיעס.

כדי צו האָבן אַ באַגריף פון יענער צייט באַקענט אונדז אַש מיט די עקאָנאָמישע פאַרהעלטעניסן פון דער עפּאָכע. די פויערימשאַפט איז שרעקלעך אויסגעפרעסט מיט פאַרשיידענע צינזן. די צינזן אויפמאָנער און די עטלעכע רייכע ווערן נאָך רייכער. די אָרעמע מאַסן זיינען שרעקלעך אויפגעבראַזט קעגן רוים. אויסער זייער פאַראָרעמקייט קאָנען זיי אויך ניט פאַרליידן די געצענדינערישע ווילדקייט און די אוממאָראַלישע אויפפירונג פון די רוימישע לעגיאָנען און זייערע באַאַמטע. די רוימישע הערשער זיינען אויך די באַלעבאַטים איבערן הייליקן טעמפל און זיי באַשטימען דעם כהן גדול ניט לויט זיינע פאַרדינסטן אָדער זיין פרומקייט.

די יידישע אַריסטאָקראַטיע, די רייכע, זיי ווערן נאָך רייכער. זיי אימיטירן די רוימער אין זייער אויפפירעכץ און אפילו אין זייער אַרט־דענקען. די רייכע אַנטוויקלען אין זיך אַ גייסטיקע פאַרשקלאַפונג צו די רוימער, אַ מינדערוויכטיקייט קאָמפּלעקס. אין ארץ־ישראל ווערן באַשאַפן דריי פאַרשיידענע גרופּירונגען. די מערהייט פון פאָלק, דער רוב מנין און רוב בנין זיינער ווערט נאָך פרימער. ביי זיי ווערט דער בית המקדש נאָך טייערער. ער ווערט דער איינציקער סימבאָל פון זייער אידענטיטעט פון זייער זעלבסטשטענדיקייט, זייער אינדיווידואַליטעט. זייער פאַרערונג פון די תלמידי חכמים, די פרושים ווערט פאַרגרעסערט. די פרושים, זיי זיינען די אויסטייטשער פון דער תורה, די לערער פון שיינע מידות, די פרעדיקער וואָס האַלטן אויף דעם גייסטיקן גלייכגעוויכט מיט זייערע לעגענדאַרישע אַריינטייטשונגען אין דער תורה. די צווייטע גרופּע, אַ גאָר קליינע אין צאָל אָבער שטאַרק אין מאַכט, וואָס האַלט זיך אויפן כוח פון רוים, די גרופּע האָט מורא פאַר אַ בונט קעגן רוים. זייער שטאַרקייט, זייער רייכקייט שטייט אין געפאַר. זיי זיינען די שטילע שותפים פון דער רוימישער הערשאַפט. זיי דאַרפן דעם „סטאַטוס קוואָ". אַ דריטע גרופּע וואַקסט אַרויס פון די גאָר פאַרפרומטע וואָס פון פאַרצווייפלונג ווערן זיי נאָך פרימער. די איינציקע האָפנונג פאַר דערלייזונג זעען זיי נאָר אין איבערנאַטירלעכע נסים. זיי דאַרפן האָבן אַן אויסוועג, אַן אָנשפּאַרונג, ווערן זיי באַוווירקט און ווירקן אויפן פאַרפרומטן ישו'ן. ביז ער ווערט אַליין איינגעגלויבט, אַז ער אַליין

איז דער געוואונטשענער משיח, דער אויסלייזער פון יידישן פאָלק ניט מיט כוח, נאָר מיט געטלעכע איבערנאַטירלעכע נסים. 2)

כדי דאָס בילד זאָל זיין דערגאַנצט, מאָלט אַש פאַר אונדז אַ בילד פון דעם גאַנצן אַרום, דעם גוואַלדיקן צאָרן קעגן די רוימער, די אָנגע־שטרענגט גייסטיקע אַטמאָספערע און זייער ווירקונג אויף די יידישע מאַסן.

ער ווייזט שוין אויך די באַציאונגען צווישן פאַרשיידענע שיכטן פון פאָלק. צוליב ספּעציפישע יידישע דינים, דינים פון טהרה און טומאה, ווערט דער המון עם, דער פשוטער האָרעפּאַשנער ייד אָפּגעטריבן פון פאַרשיידענע ערטער. למשל, ניט זייענדיק אָפּגעהיט פון טומאה לאָזט מען אים ניט צו נאָענט צו די פאַרקויפער פון ווייַן און בוימאייל. זיי זיינען טמא (אומריין) דערפאַר וואָס זיי פאַרמאָגן ניט צו באַצאָלן פאַר אַ באַשפּריצונג מיט די וואַסער פון דער פרה אדומה. אַזוי פילן זיך די אָרעמע מאַסן פילמאָל באַליידיקט.

מאָלנדיק דעם אַמאָליקן רוימישן אימפּעריאַליזם קוקט ער אינעם שפּיגל פון היינטיקן אימפּעריאַליזם. ער קוקט זיך אַריין, למשל, אין דער שותפות פון די עפענדיס (אַראַבישע פריצים) מיטן הערשנדיקן אימפּעריאַליסטישן לאַנד, אפילו מיט זייערע אַסימילאַטאָרישע טענדענצן און נאָך דעם שילדערט ער די העמאָלטיקע עפּאָכע די רייכע, די אַריסטאָקראַטיע, די צדוקים, סימפּאַטיזירן מיט די רוימער און פאַראַכטן די יידישע פאָלקס־מאַסן. פאַקטיש זיינען זיי שטיצער פון רוים.

כדי בולטער אַרויסברענגען יענע צייט שילדערט אַש ווי ער טרעפט זיך מיט איינעם, וואָס איז דאַן אַליין געווען אַנוועזנד און וואָס איז אַליין אַ אָנהענגער פון ישו"ן און וואָס גיט איבער ווי אַלץ איז דאַן פאָרגעקומען און ער שילדערט דעם טיפן קאַמף צווישן די יידן און די רוימער.

וואָס שייך דעם קריסטלעכן גלויבן איז ערשטנס אַש, ווי פריער באַוויזן, אַלעמאָל נעגאַטיוו צו יעדער אָרגאַניזירטער רעליגיע, צווייטנס מאָלט ער ניט דעם אינהאַלט אָדער די דאָגמעס פון דעם קריסטלעכן גלויבן, דריטנס איז ביי אַשן די דערשיינונג פון ישו ניט קיין נביאישע התגלות. עס איז ניט געקומען „בקולות וברקים", אָדער מיט ענדערונגען אין דער נאַטור. ניטאָ ביי אים קיין „הרים ירקדו כאלים". ביי אַשן איז עס ניט קיין געטלעכע

אינספּירירטע באַוועגונג, נאָר אַ באַוועגונג, וואָס אירע וואָרצלען ליגן טיף אין דער מענטשלעכער שוואַכקייט און מענטשלעכער פאַרצווייפלונג, אַן עסקעיפּיזם, אַ מין „אַז מען טרינקט זיך כאַפּט מען זיך אַן אַן אַ שטרוי״, אַ געזעץ פון מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע, וואָס זאָגט אַז דער מענטש שאַפט זיך אילוזיעס, וואָס מאַכט אים זען אַן אויסוועג וואו קיין אויסוועג איז ניטאָ. וואָס מאַכט דעם מענטשן זען ניסים דערפאַר וואָס אים ווילט זיך זען ניסים. ס'איז פּשוט אַ מענשלעכע איינריידעניש. דערפאַר שפּרייט זיך אַש אויס מיט דער שילדערונג פון רוימישער אויבערהערשאַפט אויף אַ ברייטער קאַנווע כדי אונטערשטרייכן די אונטערדריקונג אַלס די סיבה פון דער פאַנטאַזיע.

פּערטנס „דער מאַן פון נצרת״ איז גאָר אַ באַשולדיקונג־אַקט קעגן דער קריסטלעכער קירך. בשעת די קריסטלעכע קירך באַשולדיקט די פּרושים און דעם כלל ישראל אין דער קרייציקונג פון ישו'ן, איבערצייגט אונדז אַש אַז עס איז געווען דער פאַרלאַנג פון די רוימישע הערשער וואָס האָט גע־בראַכט די קרייציגונג. נאָכן דין פון די פּרושים איז ישו ניט געווען קיין חייב מיתה, אים איז ניט געקומען קיין טויט־שטראָף לויטן יידישן דין. דער בית דין האָט ניט געטאָרט משפּטן ביינאַכט און ניט יום טוב. בעלי מופתים זיינען אין יענע צייטן פון פרומקייט און פאַנטאַזיע געווען אַסך, און אַז די סנהדרין (דער העכסטער יידישער געריכט), איז געווען מער פון די רוימיש־געשטימטע ווי פון די פּרושים. די סיבה פון דער קרייציקונג איז געווען ווייל די רוימער האָבן זיך געשראָקן פאַר יעדער פאָלקס־באַוועגונג זי זאָל ניט אַריבערגיין אין אַ רעוואָלט. בפרט אַז זיינע נאָכפאָלגער האָבן אים אָנגענומען אַלס משיחן וואָס עס מיינט אַ דערלייזער פון פרעמדער יאָך, אַ יידישער קעניג. טאַקע דערפאַר האָבן זיי אים אָנגעטאָן אַ קרוין פון דערנער אויף זיין קאָפּ און אַ שילד האָבן זיי אויף אים אָנגעהאָנגען „דער קעניג פון די יידן״. דאָס מיינט אַז די רוימער האָבן געזען אין דער באַוועגונג אַ מעגלעכקייט פון רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, מיט דעם ברענגט אַש אַרויס, אַז ניט די פּרושים האָבן פאַרמשפּט ישו'ן נאָר די רוימער מיט דער הילף פון די צדוקים. די באַשולדיקונג ווייזט קלאָר אַז די קירך האָט געפעלשט די געשיכטע צוליב אייגענע נוצן. 1)

כדי נאָכמער באַפעסטיקן זיין אָנקלאַגע קעגן קירך גיט אַש אַ גוטע שילדערונג פון די רייכע, די צדוקים און די משפחה פונעם כהן גדול און זייערע באַציאונגען מיט די רוימישע אויפזעער. זיי, די רייכע, האָבן אויך מורא פאַר רעוואָלוציע. זיי האָבן ניט קיין געמיינשאַפטלעכקייט מיטן פאָלק. זייער כוח האָט זיך אָנגעשפאַרט אויף די רוימישע לעגיאָנען. דערפאַר קומט אַש מיטן בילד ווי די רוימישע באַלעבאַטים פון לאַנד זיינען צווישן די געסט פון כהן גדול. א. א. וו. 5)

שלום אַש גייט ניט אַריין אין דער פראַגע וואָס איז קריסטנטום. וואָס ער גיט אונדז איז אַן אַריינבליק אין יענער שטורמישער עפּאָכע, וואָס האָט געגעבן וואָרצלען דער באַשטימטער סעקטע.

דאָס גאַנצע בילד וואָס אַש מאָלט פאַר אונדז איז נאָך דער אויס־פאָרשונג פון פּראָפעסאָר יוסף קלויזנער אין זיין וויכטיקן ווערק „ישו הנוצרי". יוסף קלויזנער גיט אונדז אַן אָפּהאַנדלונג, שלום אַש גיט עס אין דער פאָרם פון שיינע ליטעראַטור, פון קונסט. 2)

ס'איז אינטערעסאַנט —

אַלס גילגול פאַרשטייער פון די צייטן פון קריסטוסן קלייבט אַש אויס אַ פאַרביסענעם אַנטיסעמיט, אַ מאָדנע דערשיינונג. אַ פאַרהערער פונעם נוצרי און אַ שונאַ פון דעם פאָלק פון מאַן פון נצרת.

דאָס איז אפשר אַן אָנצוהערעניש און אַ באַשולדיקונג אויף דער קריסטלעכער אַנטיסעמיטישער באַציאונג צום יידישן פאָלק.

כדאי צו באַמערקן אַז נאָך פּראָפעסאָר קלויזנער, איז דער נוצרי אפילו קיין סאָציאַל־רעפאָרמער ניט געווען. ער האָט נאָר צוגעזאָגט אַ חלק אין דער „מלכות השמים" אויף יענער וועלט. 3)

ניט געקוקט אויף דעם וואָס שלום אַש'ס מיינונג וועגן קריסטנטום האָט ניט צו טאָן מיט אונדזער טעמע, ווילט זיך דאָך באַטראַכטן דעם ענין. אַש איז ניט קיין פילאָסאָף פון רעליגיע. ער פאַרנעמט זיך ניט מיט דעם. דאָך קאָן מען אַרויסקריגן אַ געוויסן ענטפער פון זיין בוך „משה".

אַש שילדערט דאָרט ווי משה באַטראַכט דעם אונטערשייד פון דעם גאָט פון אברהם און די מצרישע געטער. ער זאָגט: „אָבער דער גייסט (גאָט) וויל אויפהאַלטן דעם אייביקן בונד מיט אברהם'ען ניט אין צוזאַמענגיסן זיך מיט אים אין יחידות, דורך טויט, נאָר דורך לעבן" (משה, זז. 43).

אָדער: „מיטאַמאָל האָט משה דערזען דעם גאַנצן חילוק צווישן דעם גייסט פון אברהם און די געטער פון מצרים. ניין, דער גייסט וואָס האָט זיך באַוויזן צו אברהם׳ען איז ניט קיין גייסט פון טויט, ער איז ניט קיין אָזיריס, דער גאָט פון אייביקער נאַכט. ער איז דער גאָט פון אייביקן זיין, פון באַשאַף, פון ווערן, פון לעבן און איין גרויסער דאָ איז אין אים אין אַלע וועלטן, וואָרים אַלץ וואָס איז דאָ איז אַ טייל פון באַשאַף און אין אים איז פּאַרקניפּט דער פּאָר וועמען דער באַשאַף איז געוואָרן באַשטימט — דער מענטש. און דורך דעם בונד וואָס אברהם האָט געשלאָסן מיט דעם גייסט זיינען אַלע זיינע אָפּשטאַמנדיקע פאַרבונדן צווישן זיך, כדי צו דינען דעם גייסט (גאָט) ניט דורך זייער טויט, נאָר דורך לעבן" (דאָרט, זז. 43).

אויב מיר געדענקען אַז אַש נעמט אָן די מיינונג פון פּראָפ. קלויזנער, אַז ישו הנוצרי האָט זיך ניט געקימערט וועגן דער געזעלשאַפט, וועגן סדר העולם, ער האָט נאָר געזוכט זיך באַהעפטן מיטן „פאָטער אין הימל" אויף יענער וועלט, ווערט דעמאָלט קלאָר, אַז אין אַש׳ס באַשרייבונג פון די געטער פון מצרים ברענגט ער דאָרטן אַרויס זיין מיינונג וועגן קריסטנטום, וואָס טראַכט נאָר פון יענער וועלט און ניט פון תיקון העולם, בפרט אַז מיר האָבן געזען אַז תיקון העולם איז דער פונדאַמענט פון אַש׳ס אידעאַלן. 4)

ש. ניגער איז פולקאָם גערעכט ווען ער שרייבט, „דער עיקר פון „מאַן פון נצרת" איז דער קאָלעקטיווער העלד, דאָס יידישע פאָלק און דאָס יידישע לאַנד אין יענע צייטן (ש. ניגער, שלום אַש, זז. 85).

„די כישוף מאַכערין פון קאַסטיליען".

די יידישע צרות אינעם מיטלאַלטער ווערן געשילדערט אין זיין דערציילונג „די כישוף מאַכערין פון קאַסטיליע". דער צוועק איז אָבער ניט אַזוי אויסצומאָלן דעם יידישן אויסדויער און כוח אין אַריבער טראָגן די אַלע רדיפות, נאָר אַ באַווייז פון דער פאַרדאָרבנקייט פון דער רוימישער קריסטלעכער קירך.

שילדערט פאַר אונדז אַש די גאַנצע אויסערלעכע שיינקייט, די רייכקייט די גרויסע קונסט-ווערק, וואָס זיינען אויפגעזאַמלט און פאַרערט אין דער קירך. אין דער זעלבער צייט, די אינערלעכע צעפוילטקייט, פאַרדאָרבנקייט,

די אכזריות, ברוטאַליטעט, וואָס געווײנלעכע מענטשן זײַנען גאָרניט פעאיק דערצו. די האַנדלונגען פון די „פּרינצן פון דער קירך" זײַנען מעשים פון ווילדע חיות. די קירך ווערט רײַך פון די מתנות פון די זונות וואָס האָבן זײערע פלעצער אָפן, בפרהסיא. זײערע מתנות ווערן גערן אָנגענומען אין דער קירך (אין דער תורה איז אתנן זונה פאַרבאָטן). די רוימישע יידן לײַדן אין די ערגסטע באַדינגונגען פון שווידערלעכער אונטערדריקונג. עס איז רעכט געווען ביים דעמאָלטיקן פּויפּסט ניט אַרויסלאָזן די גאַנצע יידישע געמיינדע פון דער געטאָ, וואָס איז געווען אין דעם נידעריקסטן געמיינעם אָרט ביים טײַך טיבער און לאָזן זיי אַלע דערטרונקען ווערן. עס איז נאָר דורך דער באַמיאונג פון איין קאַרדינאַל וואָס דער פּויפּסט האָט דערלויבט די יידן אַרויסצופאָרן אויף שיפלעך ביז די וואַסערן וועלן אָפּפאַלן.

אין דעם בוך איז אַש אויסן אַרויסברענגען קלאָר און דײַטלעך זײַן באַשולדיקונגס־אַקט קעגן דער קירך וואָס רעדט כלומרשט אין גאָטס נאָמען. מיט דעם איז ער, ווי שוין פריער דערמאָנט אַ פאַרגייער פון דעם „דעפּיוטי" פון האָכהוטן. אַש, דער שרײַבער, וואָס זעט נאָר גוטס אינעם מענטשן, זעט נאָר שלעכטס אין דער קירך. ווי ער אַליין זאָגט אין זײַן פאָררעדע צום בוך. זײַן אָנקלאָגע ווערט נאָך שטאַרקער, ווײַל זי איז געבויט אויף היסטאָרישע פאַקטן. עס איז די צײַט פון דעם פּויפּסט פאַול דער פערטער, געמאָלן דורך דער קײַסטלערישער האַנט פון שלום אַש. 6)

קלאָר, אַז שלום אַש האָט ניט קיין געמיינזאַמעס מיטן קריסטלעכן גלויבן אַלס אַזעלכן. זײַן גאַנצע וועלט־אַנשויאונג, זײַן גאַנצער קוק אויפן מענטש־לעכן אידעאַל גייט להיפוך דעם קריסטלעכן געדאַנקען־גאַנג. אַש'ס צוגאַנג צו דער קירך איז אויסשליסלעך אַ קריטישער, אפילו אַ פײַנטלעכער. די באַשולדיקונג וואָס איז געמאַכט געוואָרן קעגן אַש'ן, אַז ער האָט גלאָריפי־צירט דאָס קריסטנטום איז געקומען אָדער פון עם־הארצות, אָדער פון בייז־וויליקייט און מערסטנס פון בײדע זאַכן צוזאַמען. 5)

## דער אַפּאָסטאַל

דער אַפּאָסטאַל האָט ניט קיין דירעקטע שייכות מיט דער יידישער געשיכטע. אין דעם בוך וויל אונדז אַש געבן אַ באַגריף פון די כוהות, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין יענע צײַטן צווישן די פעלקער, וואָס זײַנען נאָענט

צו ארץ ישראל. די אומשטענדן וואָס האָט זיי רייף געמאַכט אָנצונעמען דעם יידישן גערדאַנקען־גאַנג אין אַ מאָדיפיצירטער פאָרם. די שייכות צו דער יידישער געשיכטע האָט עס נאָר אויף וויפיל די יידישע אָנוועזנהייט, זייערע מנהגים און געדאַנקען האָבן געהאַט אַ ווירקונג אויף אַ צאָל ניט־יידן וואָס האָט זיי דערוויַיטערט פון געצנדינעריי.

אַש שילדערט די גייסטיקע פאַרדאַרבנקייט פון געצנדינעריי, זייער ווילדע אויפפירונג, זייערע מיאוסע מנהגים. זיי האָבן פּראַקטיצירט פּשוטן זנות אַלס אַ פאָרם פון גאָטעסדינסט. דער אַלגעמיינער גייסטיקער צושטאַנד האָט זיך שוין אין יענער צייט אַזוי אַנטוויקלט, אַז די געצענדינעריי מיט איר אַבערגלויבנס און מיט מיאוסער אויפפירונג האָט שוין פאַרלוירן איר איינפלוס אויף די נייע דורות. די באַרירונג פון די מער־פאַרגעשרי־טענע אין יענע ערטער מיט יידישע איינוואוינער האָט פאַר זיי געעפנט נייע האָריזאָנטן. שלום אַש פאַרגעסט קיינמאָל ניט אַריינקוקן אין די עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון יענער עפּאָכע. ער מאָלט די האַרן און שקלאַפן סיסטעם. די שרעקלעכע באַהאַנדלונג פון שקלאַפן אָן קיינע אויסזיכטן אויסגעלייזט צו ווערן. ער שילדערט אויך די שרעקלעכע לאַגע פון די אָרעמע מאַסן. וואָס זיינען ניט קיין שקלאַפן און וואָס זייער עקאָנאָמישער מצב איז אויך געווען אומדערטרעגלעך. זיי האָבן זיך גענויטיקט אין עפּעס אַ האָפנונג. דער נייער גלויבן איז פאַר זיין געווען אַן „עסקעיפּיזם". דער גלויבן אין יענער וועלט איז דאָך אַ שטיקל טרייסט.

די פילע יידישע פאַרבאָטן, די פילע יידישע נאַציאָנאַלע דינים שטערט זיי אָנצונעמען די יידישע אמונה. ווען שאול פון תרשיש האָט פאַר זיי אָפּ־געשאַפט די יידישע פאַרבאָטן איז דאָס פעלד פריי געוואָרן פאַרן קריסטנטום.

ווי זיין שטייגער דרינגט אַש אַריין אין אַלע ווינקלען פון יענער צייט. די צעשפּאַלטונג וואָס איז אַריינגעדרונגען אין די יידישע קהילות אין יענע לענדער. פילע געמיינדעס האָבן שוין דעמאָלט געהאַט אַ סך גרים, אַנדערע זיינען שוין גרייט געווען אָנצונעמען יידישקייט. אונטער דער ווירקונג פון שאולס לערע האָבן זיך אַ סך צוריקגעצויגן און אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן. אַש פאַרגעסט ניט צו מאָלן די באַציאונג פון די פּריסטער, קינסטלער און מעכאַניקער וואָס זייער פּרנסה איז געווען פאַרבונדן מיט געצנדינעריי אין זייערע טעמפּלען. די קינסטלער באַוואונדערער פון די פילע קונסט־

ווערק אין די טעמפּעלס אין דער צייט וואָס די נייע קריסטלעכע רעליגיע האָט אַזוינס נאָך ניט פאַרגעשטעלט. די צעטומלעניש, כאַאָס, דעבאַטן און קריגערייען צווישן די דענקענדיקע, מער אינטעליגענטע, וואָס האָבן שלום געמאַכט מיט דער אַלטער איינגעשטעלטער געצנדינערײַ און ווען עס איז אויסגעקומען זיך צו שטעלן קעגן די נייע געדאַנקען.

אין דעם „אַפּאָסטאָל" גיט אונדז אַש אַ ברייטע פּאַנאָראַמע פון יענעם וועלט־טייל וואו קריסטנטום האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן און די אומ־שטענדן וואָס האָבן מיטגעהאָלפן.

וועגן מערי'ן, ישו'ס מוטער איז פאַראַן ווינציקער וואָס צו זאָגן.

אַש זוכט אַ פּסיכאָלאָגישע דערקלערונג פון אַזאַ צושטאַנד, ווען איינער קאָן „זען זעאונגען" אָדער זיך אַריינוואַרפן אין אַ וועלט פון פאַנטאַזיע. די פאַנטאַזיע זאָל פאַר אים אויסקוקן ווי די ווירקלעכקייט. דאָס גאַנצע בילד איז נאָר גוט פאַר פּסיכאָאַנאַליטיקער. זיין גאַנצע פאַרשטעלונגס־קראַפט נוצט אַש אויס צו שילדערן דעם הינטערגרונט פון פאַנאַטישער פרומקייט אין יענער באַגרענעצטער סביבה וואָס זאָל מעגלעך מאַכן אַזוינע פאַלן. יעדנ־פאַלס איז עס אַ בוך פון ניט גרויס וויכטיקייט.

## דער תהלים־ייד

אין דעם בוך זוכט שלום אַש צו דערקלערן די עקאָנאָמישע באַדינ־גונגען וואָס האָבן פאַראורזאַכט די פאַרשפּרייטונג פון חסידות אינעם 18־טן יאָרהונדערט.

די מאַטעריעלע אָרעמקייט, די פּאָליטיש־יורידישע געזעצלאָזיקייט און אומ־באַהאָלפנקייט, די גייסטיקע געפאַלנקייט, אַלץ צוזאַמען ברענגט אַ נויט־ווענדיקייט צו זוכן מיסטישע, איבערנאַטירלעכע אויסלייזער פּונקט ווי דער יאָ־ש האָט אַרויסגערופן אַ קריסטוס־באַוועגונג, אָדער אַ שבתי־צבי און אַנדערע משיחי־שקר באַוועגונגען אין פאַרשיידענע צייטן פונעם גלות. דער־פאַר איז דאָ זייער אַ שטאַרקע ענלעכקייט צווישן דעם 'תהלים ייד" און דעם „מאַן פון נצרת". ווי מיר האָבן גערעדט אין ערשטן קאַפּיטל. 7)

„קידוש השם".

„אין קידוש השם" גיט אונדז ש. אַש אַ בילד פונעם כוח, וואָס איז פאַרבאָרגן אָדער איינגעבאָרן אין יידישן פאָלק און זיינע פשוטע קינדער. עס איז אַ פּראָסטער ייד ניט קיין תלמיד חכם, ניט קיין גביר, וואָס דורך זיין מי, זיין מסירת נפש, ווערט אַ יידישע קהילה אויפגעבויט. אין די שווערסטע ליידן בלייבן זיי איבערגעגבן זייער אמונה, זייער ריינקייט. זיי זיינען מקריב זייער לעבן און בלייבן יידן. יידישע טעכטער שפּרינגען צום טויט אין טייך אַריין, לאָזן זיך דערשיסן אום ניט צו בלייבן אין די קאָזאַקישע געצעלטן. שלום אַש איז באַגייסטערט פון דעם פאַרבאָרגענעם כוח וואָס ליגט אין דעם עם הנצח, דאָס אייביקע פאָלק.

דער נביא

אין דעם „נביא" קומט אַש אויך צו דעם כוח וואָס בינדט דעם יידן צו זיין פאָלק. די שטורמישע צייט אין בבל, וואו זיי האַלטן אָן זייער אינדיווי־דואַליטעט, זייער אַנדערשקייט פון די אַרומיקע פעלקער. ער שילדערט באַזונדערס די גרויסע נאַציאָנאַלע אויפלעבונג, וואָס שטורעמט אויף דאָס יידישע לעבן מיט כורש׳ס דערלויבעניש אַרופצוגיין און אויפבויען זייער ארץ ישראל. ווי געוויינלעך פאַר אַש׳ן באַנוגנט ער זיך ניט מיט דעם אַליין ער באַשרייבט זייערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, די פּאָליטישע לאַגע אין פּרס און בבל, זייערע פאַרמעגן פון געצנדינעריי און די פאַרבינדונג פון דער הערשנדער מאַכט מיט די פּריסטער וואָס גאַראַנטירן פאַר זיי די שטיצע פון די געטער. אויך אין דעם בוך שיינט אַרויס אַש׳ס באַגייסטערונג פאַרן יידישן כוח צום לעבן.

## באמערקונגען

1) אפשר דערפאַר וואָס רוים איז געוואָרן די הייליקע שטאָט, די אייביקע שטאָט און די רוימישע מלוכה איז געוואָרן די באַשיצערין פון קריסטנטום. אפשר דערפאַר ,וואָס די פּאָטערס פון דער קירך איז ניט געפעלן געוואָרן

וואָס דווקא דאָס הייליקע פאָלק פון וועמען דער נוצרי קומט אַרויס, זאָל ניט אנערקענען זיין הייליקטום, און געוויס דערפאַר, וואָס עס האָט זיך געפאָדערט אַ שעיר לעזאזל כדי אויפהאַלטן דעם פעאָדאַליזם, וואָס די קירך איז געוואָרן זיין אָפיציעלע באַשיצערין. אפשר צוליב נאָך סיבות.

2) עס איז וויכטיק צוצוגעבן פּראָפעסאָר יוסף קלויזנערס ווערטער אין זיין „ישו הנוצרי". „הכל היה מדוכא. הכל היו שרוים בפחד. מצב כזה מוליד תמיד המון אנשים מתרגשים ביותר. החזקים שבהם נעשו קנאים גדולים... הבינונים והמתונים שבהם נעשו „יושבי אוהלים" ועוסקים בתורה שאין להם יחס ישר אל החיים המדיניים, החלשים והמדוכאים ביותר שבהם נעשו בעלי רזין ובעלי מסתורין שמתרחקים מחיי ארץ ומתמכרים כולם לחיי שמים ומכאן הכתות השונות שהיו בארץ־ישראל בימי ישו.

בלתי מרוצות במציאות המדינית היו כולם, מלבד אולי כת הצדוקים שנתפשרו עם המציאות פחות או יותר, ראשית מפני שהיו „פוליטיים ריאליים" וראו שאין עצה נגד שלטון רומי, ושנית מפני שהיו עשירים ונתיראו מפני שינוי ותמורה. כל ארץ שבאה תחת עול הברזל של רומי נאנחה מן השיעבוד הקשה אבל שבעתיים נאנקו היהודים תחתיו.

לא היו בין העמים המשועבדים לרומי עם משונה מכל העמים, עם יוצא מן הכלל, עם יחיד במינו, כעם היהודים. (ישו הנוצרי, עמ. 166).

3) ובאמת אָנו רואים את הפרושים מרשים לישו לדרוש בבתי־כנסיותיהם וקוראים אותו אל משתותיהם ואף הוא מהלל את ההשקפות הדתיות של אחד מהם. על מה איפה היו הפרושים הללו לדון אותו למיתה? ואמנם בסנהדרין לא היו הפרושים המכריעים כלל...

יראים היו מפני שלא הבינו את הרוחניות של תורתו שמא מורד וקושר הוא בתור משיח (בשם חוואלסאן, עמ. 112).

4) לא היה בכל תורתו שום דבר מקיים את המדינה ועושה סדרים בארץ כמו שהוא. בזה אין שום ספק. (שם, עמ. 423).

היהדות הפרושית צריכה היתה לקבוע על ידי פירושי התורה את כל דרכי החיים של האדם, מפני שכך דרשה שמירת הקיום הלאומי. ואולם

ישו שדאג רק לחיים הדתיים של הפרט לא שם לבו... לזה.

5) עס איז מעגלעך, אַז מיט זיין בוך „דער מאַן פון נצרת" האָט אַש פיל מיטגעווירקט אַז די קאַטוילישע קירך זאָל אָנהויבן רעווידירן די באַשולדיקונג אַז יידן זיינען שולדיק אין דער קרייציקונג, ווייל דאָס בוך איז דאָך איבערזעצט אין פיל שפּראַכן.

6) דער סוזשעט, דער סיפּור־המעשה פון „די כישוף־מאַכערין פון קאַסטיליען" קומט פאַר אַזוי:

אַן אַלטער ייד, אַן אַנטלאָפענער פון שפּאַניע וואוינט מיט זיין אייניקל, א יונג מיידל אין איינער פון די פינצטערע הייזער פון דער יידישער געטאָ אין רוים. עס קומט אַריין צום יידן אַ שפּאַנישער קינסטלער זוכן צו קויפן געוויסע זיידן שטאָף און באַמערקט דאָס יונגע מיידל. זי געפעלט אים אַלס מאָדעל צו מאָלן אַ בילד פון דער הייליקער מאַדאָנאַ. עס גיט זיך אים איין און זי פאָזירט פאַר אים און ער מאָלט אויס אַ פּרעכטיק בילד וואָס ער גיט עס איבער דער קירך.

ווען די יידן זיינען געצוואונגען געוואָרן צו פאָרן אין שיפלעך זיך צו ראַטעווען פון דער פאַרפלייצטער געטאָ, באַמערקן רוימער אַז די מאַדאָנאַ, אַ לעבעדיקע, פאָרט אויף אַ שיפל מיט די יידן. זי ווערט אַרעסטירט אַלס מכשפה און נאָך פילע פייניקונגען ווערט זי עפנטלעך פאַרברענט.

דער קינסטלער קומט דעמאָלט אַריין אין קירך מיט גרויס צאָרן און מיט אַ קינזשאַל צערייסט ער זיין קינסטלעריש בילד.

אין זיין פאָררעדע זאָגט אַש, צווישן אַנדערן, „אַזוי ווי עס איז אַ היסטאָרישער פאַקט אַז דער פאַבסט (פאול דער פערטער) האָט געהייסן פאַרברענען די געטאָ פון רוים און נאָר דורך דעם קאַרדינאַל אַלעקסאַנדער פירנאַסע איז דער דאָזיקער באַפעל אָפּגעהאַלטן געוואָרן, אַזוי איז איך צו גלויבן, אַז דער זעלבער פאַבסט וואָס האָט איינגעשלאָסן די יידן אין דער געטאָ האָט מיט אַ כיוון זיי דאָרטן געהאַלטן. כדי זיי זאָלן דאָרטן דערטרונקען ווערן אין דער פאַרפלייצונג.

איך האָב מיט אַ כיוון איבערגעטראָגן די אַלע גרויזאַמקייטן פון דער אינקוויזיציע, די פּרוכט פון דער קריסטלעכער קולטור נאָך רוים, ווייל דער שטעל־פאַרטרעטער פון יעזוס קריסטוס אין וועמענס נאָמען די גרויזאַמקייטן זיינען באַגאַנגען געוואָרן איז דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער קריסטלעכער מאָראַל און קולטור". (ש. אַש, אַפּריל 16, 1921).

„די כישוף מאַכערין פון קאַסטיליען אַ בוך וואָס שילדערט יידיש מאַרטירערטום״ (וועגן ש. אש „דער לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור ביים יידישן קולטור קאָנגרעס, ציקאָ).

דאָס איז אַ פאַלשע מיינונג. די אָנקלאַגע קעגן דער קירך איז דער הויפט־צוועק פון בוך. דאָס זעט זיך שטאַרק אָן און אַש אַליין שרייבט אַזוי אין זיין פאָררעדע.

„די כישוף מאַכערין פון קאַסטיליע איז אַ דערציילונג פון יידישן מסירת נפש אין 16־טן יאָרהונדערט אין דער צייט פון פאַבסט פאול דעם פערטן אין רוים. די צייט און דער אָרט זיינען פאַרשיידן. דער תוך איז דער זעלביקער (פון כישוף מאַכערין און קידוש השם). די מלחמה פון צוויי וועלטן, דער האַלב־פאַגאַניסטישער און דער יידישער. דער פיזישער נצחון פון דער ערשטער און דער גייסטיקער פון דער צווייטער. „קידוש השם״ גיט זיך מער אָפּ מיט דער יידישער זייט פון אונדזער מסירת נפש, די כישוף מאַכערין גיט דעם הויפט־פלאַץ אָפּ דער דרויסנדיקער וועלט״. עד כאַן ש. ביגער. זאָל ער מיר מוחל זיין. דאַכט זיך, אַז עס איז פשוטער פוסטער פלפול.

„דער נוצרי איז געשילדערט ווי אַ גאָטס־פאַרכטיקער און אָפּגעהיטער „רבי פון גליל״ און אַן עכט יידישער מענש, וואָס דערמאָנט אין אַ סך שטעלן דעם „תהלים ייד״ (סאַפּאָזשניקאָוו. פון די טיפעניש.זז. 148).

7) „דער תהלים ייד״, דער ריינסטער אויסדרוק פון עטיש־יידישער שלימות, די העכסטע דערגרייכונג פון אַש׳ס קינסטלערישע געשטאַלטן מאַכט אָפּט דעם איינדרוק פון אַ קריסטלעכן הייליקן״ (סאַפּאָזשניקאָוו).

סאַפּאָזשניקאָוו איז גערעכט אין דעם אַז עס איז דאָ אַן ענלעכקייט צווישן דיביידע טיפּן, דערפאַר וואָסביידע פאַרנעמען די זעלבע פּאָזיציע אין זייערע געזעלשאַפטן. ס׳איז אָבער איבערטריבן מיט דעם, וואָס אַש שטעלט קיינמאָל ניט אַרויס דעם פאַרפרומטן אַלס סימבאָל פון שלמות. ביי אַש׳ן איז מסתם רחל לאה הורוויץ אין ׳די דריי שטעט״ מער סימבאָל פון שלימות. אַש דאַרף אָבער אַ פאַרפרומטן גאַנצן יידן צו שפּילן די ראָל פון אַן אויסלייזער אין די צייטן פון רוים׳ס אונטערדריקונג אָדער דעם יאוש אין 18טן יאָרהונדערט. נאָר אַן אויסערגעוויינלעכן פרומען און גאַנצן יידן האָבן זיי געקאָנט אויפנעמען אַלס דערלייזער.

אַגב אַש רעכנט ניט עטישע שלימות אַלס יידישער מאָנאָפּאָל. „דער „מאַן פון נצרת״ איז מער ווי אַ המשך פון דעם „תהלים ייד״. אין אייניקע

פרטים זיינען זיי פשוט ענלעך איינס צום אַנדערן. אַזוי ענלעך, אַז ניט געקוקט אויף דעם גרויסן אונטערשייד פון צייט און אָרט קאָן מען זיי אין געוויסע שטעלן גאָרניט אָפּטיילן איינס פון דאָס אַנדערע" (ש. ניגער, זז. 208).
'אַש דער ראָמאַנטיקער האָט ליב לעגענדעס" (ש. ניגער, זז. 278.) מיט דעם וויל ניגער דערקלערן די לעגענדעס וועגן ישו'ן וואָס אַש ברענגט.
ניט דאָס איז די סיבה. אַש וויל פאַר אונדז קלאָר מאַכן די סיבות וואָס האָבן געבראַכט אַז אַ גרופּע יידן זאָלן אָנהויבן גלויבן אין דער איבערנאַטיר-לעכער קראַפט פון ישו'ן. פאַרשטייט זיך, אַז זיי מוזן אומבאַוואוסטערהייט שפּינען לעגענדעס וועגן זיין קראַפט און עס צעשפּרייטן צווישן נאָך אַזעלכע האָפענונגסלאָזע יידן. דאָס זעלבע וועגן די ניסים אין תהלים ייד. אָן די לעגענדעס וואָלטן די בילדער געווען ניט רעאַליסטיש.

8) עס איז דאָ אַן אונטערשייד אין דעם גראַד פון באַשולדיקונג. האַכ-הוט אין זיין „דעפּיוטי" באַשולדיקט דעם פּויפּסט אין פּאַסיווער שטעלונג, און פאַרשווייגן, ניט דורכפירן זיין פליכט „אל תעמוד על דם רעך". שלום אַש באַשולדיקט דעם פּויפּסט און די קירך אין אַן אַקטיוון אָנטייל אין מאָרד און פייניקונג.

## פערטער קאפיטל

# די דריי שטעט, די רוסישע רעוואָלוציע

**נאָך** אַן אויבערפלעכלעכן אַריינקוק אין די „דריי שטעט" דאַכט זיך, אַז שלום אַש איז פיינטלעך צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

לענינען שילדערט ער ווי „דער מענטש מיטן פליך און מיט קאַלמיקישע אויגן". צום אָנהויב פונעם קאַמף איז לענין ניט זיכער מיטן קומענדיקן דערפאָלג. ער מאָלט אויך קאָמיסאַרן וואָס שעדיקן די רעוואָלוציאָנערע כוחות, באַגייען אומרעכטן, פאַרטרייבן נוצלעכע עלעמענטן פון וויכטיקע אויפגאַבן און נוצן אפילו צופיל טעראָר, א. א. וו.

טראַכט מען זיך אָבער אַריין אין זיינע שילדערונגען באַקומט זיך אַ גאַנץ אַנדער בילד. ער ווייזט אונדז אומשטענדן 'פון פריער באַשאַפענע", וואָס דערקלערן אונדז אַז אַנדערש האָט גאָרניט געקאָנט זיין.

ווער זיינען די אַקטיווע און פאַסיווע קעמפער פון דער רעוואָלוציע? אַש מאָלט פאַר אונדז וואָס עס קומט פאָר אין האָטעל מעטראָפאָל. דאָרטן זיינען געשטראַנדעט אַ סך רייכע לייט. אין גאַס קאָנען זיי ניט אַרויס. שיסערייען קומען פאָר אין אַלע גאַסן. אינעם האָטעל געפינען זיך פילע אַרבעטער, וואָס טוען דאָרט שטענדיק די שווערע און שמוציקע אַרבעט אין די קעלערס, אין קיך, וואַשן, פוצן, א. א. וו. פריער האָבן זיי זיך ניט געטאָרט מישן מיט די געסט. היינט מישן זיי זיך יאָ און ווייזן אַרויס אָפענע שנאה צו די „אָפּגעפרעסענע" גבירים. די פויערים געדענקען גוט זייערע געוועזענע פּריצים, און אַש דערציילט אונדז פאַר וואָס. דער פּריץ וואַסיל אַנדרעיעוויטש באַקלאָגט זיך אויף די נייע צייטן, אַז אפילו די „באַבעס" (פרויען) בונטעווען זיך אויך. „אין די גוטע צאַרישע צייטן", באַקלאָגט זיך וואַסיל, אַז אַ באַבע האָט געבונטעוועט האָבן מיינע יונגען זי אַריינגעשלעפּט אין שטאַל, פאַרהויבן איר ספּאָדניצע (אונטערקליידל) און איך, וואַסיל אַליין, האָב מיט מיין שפּריץ־רוט אַריינגעשמיסן אין סאַמע נאַקעטן הינטער־חלק, אַזש בלוט איז

גערונען. „דער אוראַדניק איז געווען מיינער, וואָרים איך האָב אים צוגעשיקט אַ האַלבן וואָגן קאַרטאָפּליעס".

שלום אַש שילדערט פאַר אונדז דאָס בילד און דערציילט אונדז, אַז נאָכדעם ווי די באָלשעוויקעס נעמען איבער די מאַכט, ווערט וואַסיל אַנדרעי־עוויטש איבעריק אפילו פאַר זיין מעטרעסע, די מוטער פון זיינע קינדער. ער וואָלט גערן געוואָלט ווערן אַ פּשוטער אַנגעשטעלטער אין זיין געוועזענער „אימעניע" (גוט־באַזיץ), אָבער אַזוי גיך ווי די דאָרפס־פּויערים דערשפּירן זיין אָנקומען, יאָגן זיי זיך נאָך אים אַרויס מיט ביקסן און שפּיר־הינט, וואַסיל מיט נאָך אַזעלכע געוועזענע פּריצים באַהאַלטן זיך אין די וועלדער. עס דער־מאָנט אין ביאַליקס — „אין זאת כי רבת צררתנו, אם לחיתו טרף הפכתנו" (משירי בר כוכבא).

מיט זיינע פריערדיקע צוויי ביכער „פּעטערסבורג" און „וואַרשע־לאָדזש" גיט אונדז אַש אַ גענויעם באַגריף פון דעם אַלגעמיינעם הינטערגרונט פון דער רעוואָלוציע. ס'איז אַ בילד פון דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער לאַגע און פון די סאָציאַלע פאַרהעלטניסן אין לאַנד פאַר דער רעוואָלוציע. ער שילדערט טאַקע פאַר אונדז די איבערגעבנקייט, דעם מסירת־נפש פון די פּויערים, די פאַבריק־אַרבעטער און די אָרעמע מאַסן אין אַלגעמיין, מיט זייער צוטרוי און פאַרערונג פאַר זייערע פירער.

ווער זיינען עס די קעגנער פון דער רעוואָלוציע?

מיט די מערסטע קעגנער הויבט ער אָן נאָך פאַר דער רעוואָלוציע. ער שילדערט ווער און וואָס זיי זיינען געווען אין די צייטן פון ניקאָלאַי'ס רעזשים.

מיר באַטראַכטן דעם גרויסן אַדוואָקאַט סאָלאָמאָן אָסיפּאָוויטש האַלפּערן. אַ קעמפער קעגן די צאַרישע פאַראָרדנונגען און אַ גרויסער רודף אחרי כבוד. האָט מען אים עפּעס פּוגע בכבוד געווען, טאָר מען שוין פאַר אים ניט דערמאָנען דעם ביילים פּראָצעס. אָט דער גרויסער אַדוואָקאַט איז אַ פּראַזן־שיסער, וואָס פאַרטומלט זיך אַליין מיט זיינע פראַזן. זיין פּערזענלעכער כבוד איז ביי אים טייערער פון אַלץ. האַלפּערנ'ס שייכות צו דער רעוואָלוציע ברענגט אַש אַרויס אין דער סצענע ווען אייניקע יידישע מאַגנאַטן ווערן אין געהיים איינגעלאַדן צו אים אין הויז פאַר דער רעוואָלוציע (אין די

צאַרישע צייטן). האַלפּערן טרעט דאָרטן אַרויס מיט זיין דרשה „מיר גייען מיט אייך צוזאַמען (מיט די רעוואָלוציאָנערן). מיר נוצן אויס אייער רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט, אייערע אָפּפּערונגס־פעאיקייטן. דערנאָך וועלן מיר זעען וואָס מיר קאָנען טאָן מיט אייך, ביז דאַן קאָנען מיר אַלע צוזאַמען גיין אין שפּאַן און שלעפּן דעם וואָגן". און אָט איז אַ מוסטער־רעדע פונעם זעלבן פּראָזן־שיסער. „רוסלאַנד — אַלס וועלט־אידעע. רוסן זיין — הייסט צו האָבן אין זיך דעם שטענדיק וואַכענדיקן געוויסן. דאָס פאַרמאָגט ניט קיין אַנדער באַציע אַ חוץ אונדזערע רוסן". אַן אייגנאַרטיקע „אתה בחרתנו".

אַש זאָגט אויך וועגן האַלפּערן, אַז ער איז „איינער וואָס קאָן ניט פאַרגעסן אַז די וועלט און ער אַליין איז זיך שולדיק כבוד". ניט זייער סימפּאַטיש.

אין האָטעל מעטראָפּאָל וואו האַלפּערן איז געשטראַנדעט מיט אַ פּאָר מאַגנאַטן האָבן זיי צוזאַמען אויסגעפּלאַנירט צו עטאַבלירן אַן אַקציאָן־געזעלשאַפט צו פאַרנעמען און צו קאָנטראָלירן די רוסישע רייכטימער און רייך ווערן אויפן חשבון פון פאָלק. (געוויס איז אַ מצווה אויסצולייזן רוסישע אייזן־אַרץ מינען פון ענגלישע הענט). ווען זייערע פּלענער ווערן אויסגעבלאָזן ווערט האַלפּערן פאַרוואַנדלט אין אַ געפערלעכן שונא פון דער רעוואָלוציע.

אַן אַנדער טיפּ: מישקע מאַלאַדעץ. ער איז געווען רייך און האָט פאַרלאָרן זיין געלט; ער איז אַ מעקלער, אַ דרייער, זוכט פאַרבינדונגען מיטן באַוואוסטן מאַגנאַט מירקין. ער רייסט זיך אפילו אַריין, ניט געבעטענערהייט, צו מירקינס משפּחה־פייערונג מיט אַ בוקעט בלומען. מירקין פאַרשטויסט אים פון זיך. ער האָט ניט קיין צוטרוי צו אים. מישקע איז אויך געשטראַנדעט אין דעם זעלבן האָטעל, ער חנפה'ט זיך צו די רייכע געסט. ער ברענגט זיי אַלע טאָג ספּעציעלע ידיעות, אַז די באָלשעוויקעס פאַרלירן. אָבער ווי נאָר די באָלשעוויקעס זיגן, ווערט מישקע גלייך פאַרוואַנדלט אין אַ טרייען רעוואָלוציאָנער. די רעוואָלוציע, פאַרשטייט זיך, גייט אים ניט אָן. ער ווערט באַשטימט פאַר אַ קאָמיסאַר, ווייל ער האָט דאָך געהאַט דערפאַרונג אין האַנדל. מישקא דערוויטערט דעם אַלטן מירקין פון זיין נוצלעכער אַרבעט, פאַרמסרט אים און דערפירט אפילו צו מירקינס טויט.

אָסיפּ מאַרקאָוויטש, אַ יוגנט־פריינט פון מישענקאַס (האַלפּערן), אַ קינד פון אָרעמע עלטערן, וואָס האָבן געהאַט נאָר איין אַמביציע אין לעבן, זייער קינד זאָל רייך ווערן. קומענדיק אין מישענקא האַלפּערינס הויז, זוכט ער

נאָכקוקן אַלע רייכע צימערן און זייער אויסשטאַטונג. מיט פאַרבאַהאַלטענער שנאה און פאַרבאָרגענער קנאה שפירט ער נאָך די רייכע און זייערע פירעכצן. זיין אַמביציע איז רייכטום.

גלייך נאָך דעם באָלשעוויסטישן זיג געפינט ער זיך שוין אין די רעוואָלוציאָנערע רייען און ווערט אויך באַשטימט אַלס קאָמיסאַר. די ערשטע זאַך, וואָס ער טוט איז פאַרנעמען האַלפערנס וואוינונג.

די באָלשעוויקעס צאָלן אַ הויכן פרייז דערפאַר וואָס רוסלאַנד איז אָפּגעשטאַנען, און זיי פאַרמאָגן ווייניק אינטעליגענטע אָדער געבילדעטע מענטשן אין זייערע רייען. דער פראַזן־שיסער, דער אַדוואָקאַט האַלפערן, לאָזט זיך אַרויס פון האָטעל מיטהעלפן דעם קאַמף קעגן דער רעוואָלוציע. ער ראַטעוועט זיך קוים מיטן לעבן. אַלע קעגנער פון דער רעוואָלוציע זיינען כוליגאַנעס, געוועזענע צאַרישע באַאַמטע, געוועזענע פריצים מיט זייערע שלעגער. שלאָגן יידן איז אַ טייל פון זייער פראָגראַם. שפעטער גייט האַלפערן מיט זיין זון צו די ווייסע גוואַרדייער. „די חשובע זין פון רוסלאַנד". ווי האַלפערן רופט זיי. זיי דערהרגענען האַלפערינען, זיין זון געלינגט צו אַנטלויפן און ער גייט אַריבער אין די רייען פון די באָלשעוויקעס.

וואו זיינען די רוסישע קאַפּיטאַליסטן, די אינדוסטריאַליסטן?

אַש זאָגט: „באַלד איז געוואָרן באַוואוסט, אַז רוסישע קאַפּיטאַליסטן זאַמלען זייערע קאַפּיטאַלן אין אויסלענדישע געשעפטן, אין אויסלענדישע בענק. אין די רוסישע פינאַנציעלע קרייזן האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאַניק. עס האָט זיך געגרינדעט אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט, אין דער שטיל, אַריינגעקראָגן דעם גרויסן אייזן־באַסעין אין מיכאַילאָווקע, וואָס איז עקספּלואַטירט געוואָרן פון אַן ענגלישער פירמע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ באָיקאָט קעגן דעם נייעם רעזשים. די לאַגע האָבן אויסגענוצט די צווייפלהאַפטע עלעמענטן".

ניט ראָזמאַרין, דער טיי־מאַגנאַט, ניט דער צוקער־מאַגנאַט, ניט דער נאַפט סוחר גאָלדשטיין, ניט קיין אַנדערע פון די רייכע ווילן מיטאַרבעטן מיט דער נייער מאַכט, דער אַלטער מירקין איז דער איינציקער אויסנאַם. די רייכערע און מיטלע קרייזן. די גוט־באַזיצער און זייערע משרתים פירן אַ קאַמף קעגן דער רעוואָלוציע. „ווי קאָן מען זיין רואיק", שרייט אויס אַדוואָקאַט האַלפערן, קומען מענטשן אַריינגעשמוגלט קיין רוסלאַנד אין דייטשע וואַגאָנען און מאַכן אַ תל פון אַלע דערגרייכונגען. דאָס איז דאָך מיט דייטשע געלט גע־

מאַכט! און זיי רופן זיך רעוואָלוציאָנערן! ווי קאָן מען דאָס רואיק באַטראַכטן?

און וואו זיינען די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן? די אידעאַליסטן?

שלום אַש זאָגט: „אין יאַראָסלאַוו באַלעבאַטעווען די ווייס־גוואַרדייצעס מיט דער הילף פון די עס־ערן (זייט 365). די לינקע עלעמענטן אין קאָמיטעט (צו ראַטעווען מאָסקווע פון די באָלשעוויקעס) שרעקן זיך אַלע מאָל מער פאַר די רעכטע אָפיצערן, וואָס זיינען אָפענע קאָרנילאָווצעס". עס הויבט זיך אָן אַ קריגעניש. דער גייסט ביי די יונקערס פאַלט אויך (דער קאַמף אין מאָסקווע, זייט 190). „די אָרעמע און יידישע עלעמענטן צווישן די יונקערס דער־מאָנען זיך אָן זייער אָפשטאַם, באַהאַלטן זיך אויס און לויפן אַריבער צו די רויטע" (דאָרטן).

אָט אַזוי גיט אונדז אַש צו פאַרשטיין דעם מאַטעריאַל פון די קעגנער וואָס אַלע זיינען זיי מאָנאַרכיסטן, אַנטיסעמיטן, רייכע באַלעבאַטים מיט זייערע געדונגענע משרתים, בויאַנעס און שלעגער.

ער פאַרגעסט אויך ניט קערענסקין. די קערענסקי־אָפענסיווע האָט פאַרטריבן די ברידערלעכקייט פון דייטשע סאָלדאַטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן זיך פילן נאָענט צו דער רעוואָלוציע (מאָסקווע, זז. 125) 1).

אַש זעט אין דער רעוואָלוציע ניט נאָר אַ קאַמף פאַר עקאָנאָמישער פאַרבעסערונג. ער זעט אויך אַ גייסטיקע דערהויבונג, אַ דערלייזונג פאַר דער גאַנצער וועלט. אָפשאַפן צער און פיין, אויס מיט עקס־פלואַטאַציע. אָט וואָס ער לאָזט זאָגן זאַשקע האַראָוויץ: „דו פאַרשטייסט, זאַכאַרי, צו וואָס מיר האָבן דערגרייכט? מיר האָבן דאָך אויפגעעפנט די טיר, מיר זיינען דאָך אָנגעקומען צום ציל.. מיר וועלן טאָן אַלצדינג, מיר וועלן אָוועקשטעלן אַן אָרדענונג וואו עס וועלן ניט זיין קיין שוואַכע און קיין שטאַרקע, קיין אונטערדריקונג. דו פאַרשטייסט? דעם חלום נאָך וועלכן ס׳האָבן געבענקט דורות! משיחס צייטן! געוויס, געוויס וועלן מיר איינשפאַנען די וויסנשאַפט אין אונדזער וואָגן, אַז זי זאָל אונדז דינען, ניט צו פאַרשפרייטן צער און פיין ווי זי טוט עס איצט ביי דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, וואו די ראַציאָנאַליזאַציע וואַרפט אַרויס טאָג־טעגלעך צענדליקער טויזנטער אַרבעטער אויף דער גאַס, צעפירט היימען, מאַכט אומגליקלעך פאַמיליעס, הונגערט אויס קליינע קינדער און דער גאַנצער פּראָפיט גייט פאַר די באַלע־

באַטים ביי אונדז וועט די ראַציאָנאַליזאַציע אַנשטאָט וואָס זי איז אַ קללה פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ברכה.

„מיר וועלן גאָרניט דאַרפן אַריבערפירן די וועלט צום קאָמוניזם דורך שווערד און אייזן די וועלט וועט אַליין קומען צו אונדז און זיך בעטן מען זאָל זיי שיקן אַפּאַסטאָלן איינפירן דעם נייעם גלויבן" (מאָסקווע).

אַזוי אַרום גיט אונדז אַש אַ בילד פון די סאָציאַלע באַדינגונגען פאַר דער רעוואָלוציע, פון די כוחות וואָס פּראָדוצירן די רעוואָלוציע און פון די קעגנער וואָס זוכן אָנהאַלטן דעם סטאַטוס-קוואָ.

ער שילדערט די שוועריקייטן, וואָס זיי באַגעגענען און דעם הויכן פּרייז וואָס דאָס לאַנד צאָלט זייענדיק הינטערשטעליק אין אינטעליגענטישע כוחות און נידעריק אין אינדוסטריע. ער מאָלט זיין גלויבן אין מענטשן און איז איבערצייגט אין דעם כוח פון קאָלעקטיוו. אָבער שלום אַש דער מענטש פון פרידן בלייבט ניט אינגאַנצן צופרידן. מיטן געדאַנק פאַרשטייט ער די רע-וואָלוציע אַלס אַ גזר פון דער געשיכטע. מיטן האַרצן בלייבט ער אין ספקות. אומרעכטן, בלוט-פאַרגיסונג באַגלייטן דעם רעוואָלוציאָנערן וועג. 2).

אויך מ. שאָלאָכאָוו און אַלעקסיי טאָלסטאָי האָבן געשילדערט די רו-סישע סאָציאַלע רעוואָלוציע. יעדער מאָלט אוודאי פון אַן אַנדער אויסקוק. עס איז דאָ אין אַלגעמיין אַן אונטערשייד. שאָלאָכאָוו און טאָלסטאָי שילדערן ווי פון אינעווייניק, ווי אָנטיילנעמער, שלום אַש — ווי פון דרויסן, ווי אַ זייטיקער צושויער.

אַש איז אויך באַגאַנגען אַ פעלער ווען ער האָט ניט אַריינגענומען די אַלע קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען, וואָס האָבן אויסגעפּלאַנירט און באַזאָרגט די קעגנער מיט קאַפּיטאַל און מיט געווער און זיינען אין אמתן געווען די ריכטיקע קאָנטראַ-רעוואָלוציאָנערן.

עס איז כדאי צו וויסן, אַז אַש שילדערט רעוואָלוציאָנערן מיט אַ באַזונדער ליבשאַפט. אַזוי מאָלט ער טשאַרלין אין „אָנקל מאָזעס", וואָס ער באַטראַכט אונדזער יידישע אויפגאַבע צו זיין רעוואָלוציאָנער, צו ברענגען אונדזער פּראָטעסט און אונדזער אָנטייל אינעם אַמעריקאַנער לעבן. דאָרטן

זאָגט אונדז אויך אַש מיט טשאַרליס ווערטער, אַז די דעמאָקראַטיע וואו איינער קאָן לעבן פון צווייטנס פראַצע איז די גרעסטע אומרעכט. דאָס אַלץ באַווייזט אַז ש. אַש מיט זיין ספּעציעלער וועלט־אַנשויאונג האָט געקענט זיין נאָר אַ פריינט פון דער סאָוועטישער רעוואָלוציע. 3)

מיט ליבע מאָלט ער אין די „דריי שטעט" רחל לאה'ס יינגסטן זון, וואָס ווערט געפּייניקט אין אַ צאַרישער טורמע און טראָגט עס איבער שטאָלץ און דערציילט עס אפילו ניט זיין פאָטער, וואָס איז פאַרשפּאַרט אינעם זעלבן אָסטראָג און דערציילט אפילו ניט דעמאָלט ווען מען נעמט אים צו דער הינריכטונג. ער שטייט אויך אויף דער זייט פון דער רעוואָלוציע, ווען ער מאָלט דעם קריזיס אין „לאָדזש", ווען דער קליינער פאַבריקאַנט ווערט אומגעריכט הינטערשטעליק און קאָן ניט צאָלן די שכירות זיינע אַרבעטער. מיטאַמאָל, אָן קיינע אורזאַכן, בלייבן אַלע רעדער שטיל.

מיטן מאָלן דעם רוימישן אימפּעריאַליזם און די אונטערדריקונג אין ישראל. אַזוי אַז אַש'ס שילדערונגען זיינען אַ באַוויז פון זיין פּאָזיטיוון קוק און זיין פריינטלעכער שטעלונג צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

מיט דעם האָבן מיר נאָך ניט אויסגעשעפּט אַלץ וועגן שלום אַש'ן.

ערשטנס האָט ער זייער אַ סך געשריבן. מיר האָבן פילע פון זיינע ווערק ניט באַרירט. ווי למשל, די צוויי ווערק פון ספּעציעלן ראָמאַנטיזם: „דאָס שטעטל" און „שלמה נגיד" אידיליעס וואו ער באַזינגט דעם איינגעפונדעוועטן שטייגער לעבן.

אויסער דעם זיינע פילע דראַמען, די קליינע דערציילונגען און אויך די גרעסערע ווערק ווי „דער אָפּגרונט" און אַנדערע.

מיין אויפגאַבע איז צו געבן די הויפּט־שטריכן פון שלום אַש'ס שאַפן, פון זיין אידעאָלאָגיע און די כאַראַקטער שטריכן, וואָס פון זיי דרינגט אַרויס דער גרויסער קינסטלער. איך גלויב אַז דער אַנאַליז וועט געבן אַ בעסערע פאַרשטענדעניש פון דעם מייסטער און וועט אויך העלפן אָפּריניקן די לופט פון אַלע פאַרלוימדונגען, וואָס מען האָט געמאַכט אויף דעם חשובן קינסטלער.

איך וויל זיך ניט פאַרנעמען מיט דער פראַגע פון השפּעות. מיר דאַכט, אַז די גרעסטע השפּעה אויף אַש'ן האָט געהאַט די יידישע לאַנג־יאָריקע טראַדיציע, די גייסטרייך־עטישע. די נביאים, תלמוד און אגדה. ווי אויך

די השפעה פון לעוו טאָלסטאָי, וואָס איז אויך באַווירקט פון די זעלבע עטישע טראַדיציעס. עס איז אגב, פאַראַן אַ גרויסער אונטערשייד צווישן אַש און טאָלסטאָיען. טאָלסטאָי האָט געלעבט צווישן רייכע גוט־באַזיצער און הויכע טשינאָווניקעס. ער שרייבט מערסטנס פון זייער לעבן. אַש שרייבט וועגן די מיטעלע און אָרעמע שיכטן אין יידישן לעבן. דערביי איז אינטערעסאַנט, וואָס אַש לאָזט זאָגן מישאן אין זיין „מערי, דער וועג צו זיך״:

„אַזעלכע דערוואַקסענע מענטשן לעבן ביי טאָסטאָי, וואָס, אַ גרויסער אַפּיצער, אַ רייכער פּאָמעסטשיק, אַ הויכער טשינאָווניק. דאָס זיינען אַזעלכע אַלע פּאַרטיקע מענטשן. זיי קאָנען שוין לעבן אָבער גאָר, קיין סטודענטן זיינען גאָר ניטאָ ביי אים (מערי, זז. 54).

## באמערקונגען

1) אַש דערציילט אונדז פּאַרוואָס די קערענסקיס האָבן געוואָלט אָנגיין מיטן קריג. וועגן דער נויטווענדיקייט אָנצוהויבן די רעוואָלוציע זאָגט לענין: „איינס פון דיביידע וועט געשען, אָדער דער קריג וועט די רעוואָלוציע אומברענגען, אָז ניט מוז די רעוואָלוציע דעם קריג טויטן. שוין! גלייך אויפן אָרט, ניט וואַרטן! דאָס קאָן טאָן נאָר איין כוח דער פּראָלעטאַריאַט (מאָסקווע זז. 136). און דורך די ווערטער פון חברטע סאָפּיא־זאַשקאָ האָראָוויץ מאַכט עס אַש נאָך קלאָרער:

„און דערנאָך״, האָט חברטע סאָפּיא־זאַשקא האָראָוויץ געזאָגט, „אַז איר וועט שוין האָבן געוואונען די מלחמה וואָס וועט איר האָבן געוואונען? דעם צאַר צוריק! אייער קנעכטשאַפט וועט איר האָבן געוואונען. ווער וועט קומען נאָכן זיג? די רעוואָלוציע? ניין! די גענעראַלן וועלן קומען, די קאָרנילאָווס, די רוסקי׳ס. זיי וועלן דעם צאַר צוריק אַרויפזעצן אויפן טראָן. זעט ווי זיי באַהאַלטן אים אויס, ווי זיי פיעסטשען זיך מיט אים״. און נאָכדעם זאָגט זי: „זיי ווילן אייער יונג לעבן אונטערברענגען, כדי אַזוי אַרום פון אייך פּטור ווערן״... אַלע די קאַדעטן, די עס־ערן, די מענשעוויקעס, די אַלע באַדאַרפן די מלחמה, כדי אין איר דערשטיקן די רעוואָלוציע״ דאָרט,זז. 181).

2) אַש׳ס שטעלונג צו דער רוסישער רעוואָלוציע קומט אַרויס אין

„געזאַנג פון טאָל". אַזוי שרייבט ער דאָרט: „אַנגעשטעקט מיט די רעוואָ־לוציאָנערע אויסלייזונגס־אידעען, מיט וועלכע די האַניק־חדשים פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט זיי באַפרוכפּערט, קומט מען קיין ארץ־ישראל אויפצובויען דאָס לאַנד אויף נייע יסודות פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, מיט משיחישן שוואונג און דערלייזונגס־דראַנג איז מען גרייט אויף העראָאישע מעשים כדי די משיחישע צייט צו דערנענטערן".

אַט אַזוי לאָזט אַש טשאַרלין אין „אַנקל מאָזעס" זאָגן: „די דעמאָ־קראַטיע איז נאָך מיין מיינונג נאָך, דער גרעסטער פּיינט וואָס איז אָגעשטאַנען אויף דער מענטשהייט זינט די וועלט עקזיסטירט. וואָרים די דעמאָקראַטיע, אַזוי ווי זי ווערט פאַרשטאַנען דאָ אין אַמעריקע, גיט אַ רעכט יעדן איינעם וועלכער באַזיצט באַגאַבונג צו פאַרשקלאַפן, פאַר זיין אייגנטום, גיטער סיי אין טויטן מאַטעריאַל, סיי אין לעבעדיקע ווילנס... ווער עס האָט נאָר און קאָן אַריינגעבן כיטרעקייט, פאַרברעכערישע פעאיקייט, דער קאָן אַנטייל נעמען אין דער וועלט" (אַנקל מאָזעס, זז. 119־118).

און אַט וואָס אַש לאָזט שרייבן חאימאָוויטשן אין 'געזאַנג פון טאָל":

„דעם מענטשנס הארץ איז גוט פון דער נאַטור. דער מענטש האָט ליב די אַרבעט. מען האָט נאָר די אַרבעט פאַרמיאוסט און קליין געמאַכט דורך דעם אָרעמען און עגאָאיסטישן געווינס. גיט דער אַרבעט אַ העכערן מיין, ברענגט אַריין אין דער אַרבעט דעם משיחישן אידעאַל פון אויסלייזן אַ פאָלק און אויפבויען אַ לאַנד, הויבט אויף די אַרבעט צו אַ געטלעכער דינסט פאַר דער באַפרייאונג פון מענטש, און זי וועט וואונדער שאַפן. זי וועט אַלע שטיינער פון וועג אַפּראַמען, מדבריות אין ישובים פאַרוואַנדלען, וועגן דורך זומפּן דורכפירן. דאָס דאָזיקע וואונדער קאָן נאָר שאַפן די חכמה און דער כוח פון קאָלעקטיוו".

פון די געבראַכטע ציטאַטן זעט זיך אַש'ס גלויבן אין קאָלעקטיוו, גלויבן אין מענטשלעכן צוזאַמענלעבן און אין באַשולדיקן דעם פּראָפיטן־סיסטעם אין די אַלע פעלערן פון דער געזעלשאַפט, אפילו דעמאָקראַטיע אַליין איז אַ דורכפאַל צוליב די זעלבע אורזאַכן.

וועגן אייניקע קריטיקער

„אַ קווערשניט פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. אין דעם

ערשטן בוך פעטערבורג און אין דריטן מאָסקווע לאָזן זיך שטאַרק פילן פרעמ־דע השפּעות, דערפאַר איז „וואַרשע" גראַנדיעז ווי מיט דער פּילזייטיקער לעבנס שטייגער שילדערונג אַזוי אויך מיט די איינצלנע געשטאַלטן" „לעקסיקאָן פון דער נייער אידישער ליטעראַטור, ציקאָ).

דאָס איז אַ פאַלשע מיינונג, שלום אַש'ס שטענדיקער קרעדאָ איז די גלאָריפיקאַציע פון קאָלעקטיוו. דער יחיד איז אַ טייל פונעם כלל און אַז דער יחיד קאָן נאָר לעבן אַלס אַ טייל פון כלל. אין דעם און אין זיין באַקעמפן עקספּלואַטאַציע, אומעטום זעט מען ניט קיינע פרעמדע השפּעות. אין זיין שילדערן די רעוואָלוציע איז אַש פולשטענדיק ביי זיך אין דער היים.

ש. ניגער: „פאַרן מבול" (די דריי שטעט") ווייזט אונדז וואָס אַש האָט נאָך זיינע ערשטע יוגנטלעכע נצחונות פאַרלאָרן און וואָס ער האָט געוואונען. די נאַאיווע פרישקייט, דער יוגנטלעכער חן, די צאַרטקייט, דער ליריזם פון די ערשטע שאַפונגען אש'ס, דאָס אַלץ וואָס האָט געמאַכט מיר זאָלן זיין אַנטציקטע פון דעם שמייכל אויף דעם געזיכט אפילו דאַן ווען דאָס געזיכט אַליין האָט אונדז געלאָזן קאַלט, איז אין דער טרילאָגיע ניטאָ"".

ניגער זאָגט אונדז ניט וואָס אַש האָט געוואונען. אַש דער קינסטלער האָט דאָך אַנדערש ניט געקאָנט און ניט געטאָרט זיין. ער וואָלט דאָך געווען פאַלש און פאַלשע נביאים קאָנען קיין קינסטלער ניט זיין. קונסט ווירקט נאָר ווען עס איז אמת.

דאָס יידישע לעבן האָט זיך אויסגעשפּרייט; עס האָט איבערגעוואַנדערט פון שטעטל אין שטאָט אַריין און איז אַוועק מעבר לים. פון דעם איינגע־פונדעוועטן איינגעשטעלטן שטילן ישוב איז דאָס לעבן אַוועק אין דער וועלט פון גרויזאַמער דחקות, עקספּלואַטאַציע און שטורמישע קאַמפן.

אַש מאָלט ניט נאָר דאָס ערדישע וואָס זינגט נאָר אויך און מערסטנס דאָס ערדישע וואָס קעמפט, דאָס שטורמישע, ניט דאָס רואיקע און זיכערע אין די שטורמישע צייטן האָט אַש ניט געקאָנט און ניט געטאָרט מאָלן מיט די זעלבע פאַרבן ווי אין „שטעטל".

ענלעך צו זאַשאַס ווערטער אין באַמערקונג איינס, לאָזט אַש זאָגן

אין זיין „דער וועג צו זיך״. יאַשא און די חברים רעוואָלוציאָנערן אין פוילן ענטפערן דעם „ראַבין״ וואָס איז קעגן טעראָריסטישע אָנפאַלן: „וואָס ווילט איר מיר זאָלן מאַכן אַ רעוואָלוציע פאַרן בורזשואַ? יאָ, די בורזשאַזיע וואָלט דאָס געוואָלט, מיר זאָלן פון אונדז געבן קרבנות, מיר זאָלן פון זייערטוועגן בלוט פאַרגיסן און דערנאָך וועלן זיי קומען צום גרייטן און ווידער אונדז באַהערשן. כאַפּט אים דער שוואַרצער יאָר. זאָל ער אויך באַצאָלן. )ז. 101).

# די וויכטיקייט פון דער נאָוועלע

פאַלשע פאַרלוימדונגען זיינען אַ פאַרברעכן. עס איז אונדזער פליכט דאָס ניט צו דערלאָזן. „אל תעמוד על דם רעך". בפרט ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ גיגאַנטישער קראַפט, אַ חד בדורו, וואָס איז אַ כבוד פאַרן יידישן פאָלק.

איך האָב געפילט דעם חוב אַרויסצוברענגען די פאַלשקייט פון די אַלע אַטאַקעס. „במקום שאין אנשים השתדל להיות איש", האָבן די חכמים אונדז אָנגעזאָגט.

דער פאַרברעכן ווערט נאָך גרעסער מיט דעם וואָס די אויסגעטראַכטע בילבולים ברענגען אומגעהויער גרויס שאָדן אונדזער יידישן פאָלק.

אַ דערציילונג, אויב געשריבן מיט אַ קינסטלער האַנט, גיט אונדז די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט אונדז אַליין. די וויכטיקסטע פון אַלע וויסנשאַפטן איז די באַקאַנטשאַפט מיטן מענטשן, דערגרונטעווען זיך צו זיינע אימפּולסן, אינסטינקטן, זיין צוזאַמענלעבן זיך אין דער געזעלשאַפט, זיינע ווירקונגען, זיינע האַנדלונגען אונטער פאַרשיידענע אומשטענדן, זיין חלק אין דער געזעלשאַפט און זיין השפעה אויף זיין סביבה.

וואָס גרעסער דער קינסטלער אַלץ וויכטיקער זיינע שילדערונגען. מיר הויבן אָן בעסער פאַרשטיין דעם מענטשן. אונדזערע האָריזאָנטן ווערן טיפער און ברייטער.

מיר האָבן הנאה פון אַ קינסטלעריש געמאָלן בילד און פון אַ בוך, וואָס איז קינסטלעריש געשילדערט.

דער קינסטלער מוז האָבן די פייאיקייט אַריינצודרינגען אין די כאַראַקטערן פון זיינע טיפּן. אויב דער קינסטלער איז פאַלש גיט ער אונדז איבער פאַלשע באַגריפן פון אונדזער אַרום.

אָט למשל איין יידישער שרייבער, טאַקע אַ באַוואוסטער, מאָלט אַז דעם פּוילישן סטודענט האָט מען אָנגערופן „ייד". דערפאַר וואָס ער שיכורט ניט און איז אַרבעטזאַם, לערנט מיט התמדה. דאָס מיינט אַז יענער „באַוואוסטער" שרייבער איז זייער קורצזיכטיק. ער וואָלט מסתם געפונען אַ היבש ביסל פאַרשענדע געלערנטע ביי די אומות העולם.

אַן אַנדער יידישער שרייבער, אַן אויסגעצייכנטער שילדערער, פאַרמאָגט ניט קיין איין סימפּאַטישן טיפּ אין זיין גאַנצער נאָוועלע. זאָל אונדז גאָט שומר ומציל זיין פון אַזאַ סביבה. דאָס מיינט אַז דער שרייבער פאַרמאָגט ניט קיין בעאָבאַכטונגס־קראַפט. ער וואָלט געפונען געגוג מענטשלעכע שטריכן אין יענער סביבה: ליבע, גוטסקייט, רחמנות, אפילו מסירת־נפש פאַרן יושר, ווען זיין מוח וואָלט געווען קלאָרער.

שלום אַש גיט אונדז אַזוינע בילדער, אַזוי ריכטיק, אַזוי אמת׳דיק. זיי שטייען פּשוט לעבעדיקע פאַר אונדזערע אויגן. אַלע זיינע בילדער זיינען נאַטירלעכע. ער האָט גאָרניט אַזוינע נסים, אַז עס האָט פּונקט געטראָפן און „רענדלאַך זיינען געפאַלן פון הימל".

ברייטע האָריזאָנטן, פאַרשיידענע סיטואַציעס, פאַרשיידענע געזעל־שאַפטן, תלמודישע געלערנטע; אַרבעטער גרופּן, אַסימילירטע חסידים, פּויליש־אַסימילירטע רעוואָלוציאָנערן. אין אַלעמען דערקאָנט ער זייערע אמתע פיזאָנאָמיעס. איר הויבט זיך אָן אַליין דערקאָנען אָבער איר קריגט ניט קיין איבער־וויכטיקייט קאָמפּלעקס, קיין אתה־בחרתנו געפיל. דערפאַר וואָס ער מאָלט דעם ניט ייד אויך מיט מענטשלעכע אייגנשאַפטן. דער גוי ווערט ניט געמאָלן ווי אַ גנב, שיכור און שלעגער.

שלום אַש איז דער אמתער חד בדורו. עס ווילט זיך דערביי מאַכן אַ פאַרגלייך מיטן געניאַלן שלום עליכם. מיט שלום עליכם׳ס טיפּן ווערן מיר גיכער אינטים, האַרציק־נאָענט; שלום אַש׳ס טיפּן פאַרשטייען מיר טיפער. זיי זיינען אויסגעבר־יטערט. זייַנע בילדער זיינען מער אויסגעשפּרייט אין אָרט און צייט.

עס איז טאַקע צו באַוואונדערן ווי אַזוי ער האָט געהאַט צייט און מעגלעכקייט אַרומצוטראַכטן די אַלע טיפּן און סיטואַציעס וואָס ער שילדערט אַזוי פּרעכטיק. ער דערמאָנט אונדז די ווערטער פון ענגלישן דיכטער פון צוויי הונדערט יאָר צוריק אָליווער גאָלדסמיט: „די באַוואונדערונג ווערט נאָך גרעסער, אַז איין קליין קאָפּ זאָל טראָגן אין זיך אַלץ וואָס ער האָט געוואוסט".

האָט ער מסתם טאַקע געהאַט ווייניק צייט צו פאַרברענגען אין די „קיבעצאַרניעס" מיט קאָלעגן שרייבער. אפשר איז דאָס איינע פון די אורזאַכן וואָס האָט געווירקט אַז זיי זאָלן צולייגן אַ האַנט אין די פאַרלוימדונגען.

דער גרעסטער שולד ליגט אויף יענער קליקע, די „אבי אבות הטומאה", וואָס האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן ניט קיין אמתע קינסטלער און ניט קיין אמתע דענקער. זיי האָבן אויך פאַרביטערט די עלטער פון דעם חשובן דר. חיים זשיטלאָווסקי. איך געדענק, אַז אני הקטן באלפי ישראל פלעג פאָרן פון בראָנזוויל אין בראָנקס צו הערן זשיטלאָווסקיס אַ לעקציע. די שרייבער אָנפאַלער זיינען, ווייזט אויס, ניט געגאַנגען צו זיינע לעקציעס. זיי האָבן ניט געדאַרפט לערנען. צו שרייבן פאַר די „מוישעס" דאַרף מען ניט וויסן, גענוג אַז מען קאָן האַלטן אַ פען אין דער האַנט. פאַר טאַנדעטנע אַרבעט איז בעסער אַ באַלמעלאָכע אַ קאַליקע.

צוריק צו דער וויכטיקייט פון שלום אַש. —

עס איז גאָר ניט מעגלעך אָפּצושאַצן די וויכטיקייט פון באַקענען אונדזערע ניט יידישע שכנים מיט דער פיזאָנאָמיע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אונדזער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם.

דער לייענער קריגט אַ באַגריף וועגן יידן. ער זעט שוין ניט אין דעם יידן דעם שווינדלער, דעם האַרצלאָזן לענדלאָרד, דעם פּאַראַזיט וואָס וויל ניט אַרבעטן. ער דערפילט די יידישע האַרעפּאַשנע מאַסע, דעם יידישן קעמפער פאַר גערעכטיקייט. זיינע אידעאַלן, זיינע שוועריקייטן. באַקאַנטשאַפט מיטן אַלזייטיקן יידישן לעבן איז אַ בעסערע סגולה קעגן אַנטיסעמיטיזם ווי די רעדעס פון רבנים און, להבדיל, גלחים.

פון דער איבערזעצונג פון אַש'ס ווערק קריגן די אומות העולם אַ נאָענטקייט צו זייערע יידישע מיט־מענטשן. איז וואָס מער אַש'ס הכנסה איז פאַרגרעסערט געוואָרן דורך זיינע איבערזעצונגען, אַלץ גרעסער איז די טובה פאַר אונדזער פאָלק.

מיר דאַכט, אַז ביי אַ גרויסן טייל פון אַש'ס פאַרלוימדער איז די שנאה פסיכאָלאָגיש. אַ גרויסע צאָל פון זיי זיינען „געוועזענע". געוועזענע סאָציאַליסטן, געוועזענע קאָמוניסטן, געוועזענע אַנאַרכיסטן. זיי קאָנען ניט פאַרטראָגן אַש'ס שרייבן קעגן לענדלאָריזם, קעגן צוריקער צו דער געטאָ. איר וועט ניט געפינען ביי אַש'ן קיין אשמדאי, קיין שד'ל אפילו אויף אַ רפואה. דער עיקר זיינען זיי קעגן זיין באַזינגען קאָלעקטיוויזם.

פאַר „געוועזענע" איז אַש'ס ריינער אַריינקוק ניט צום האַרצן.

# פאשיזם און זיינע ווארצלען

וועןמיר באַטראַכטן די סיבות פונעם פאַשיזם און היטלעריזם קומט אויף די ערשטע און וויכטיקע פראָבלעם צי דער פאַשיזם איז נאָר אַ צו־פעליקע דערשיינונג, אַ פאַרבייגייענדיקער עפּיזאָד, אָדער ער איז אַ רעזול־טאַט פון אַ צוגעגרייטער פּלאַנירונג? די צווייטע פראַגע איז: אויב עס זיינען געווען כוחות, וואָס האָבן פּלאַנירט און אויפגעבויט אָט־די טייוולאָנישע מאַשין, ווער זיינען זיי? וואָס האָבן זיי געוואָלט דערגרייכן מיט די בלוטיקע מעשים. מיר דאַרפן האָבן אַ באַגריף וועגן אונדזערע שונאים. די דריטע פראַגע איז, זיינען די כוחות און די סיבות פון היטלערס אויפקום נאָך דאָ אָדער יענע סיבות זיינען שוין אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט, און מיר מעגן שוין פאַרגעסן און ניט טראַכטן וועגן אַ נייער וועלט־שריפה?

מיר דאַרפן שטודירן און אויסגעפינען די פּלאַנירער און זייערע מאָטיוון, וואָס זיי האָבן דערוואַרט און וואָס האָבן זיי געוואָלט באַקומען, ניט נאָר כדי צו שטודירן געשיכטע, נאָר כדי אָפּהיטן אונדזער צוקונפט פון אַ נייער בלוט־פאַרגיסונג.

פון די געבראַכטע באַווייזן (10־1) איז צו זען, אַז דער הויפט־כוח הינטער היטלערן זיינען געווען די פינאַנץ־מאַגנאַטן, די קאַרטעלן וואָס האָבן אים פינאַנסירט, אים געגעבן אַ גינסטיקע פּרעסע ,גינסטיקע ריכטער אין די געריכטן און גלחים, וואָס האָבן אים געהאָלפן.

אין דער זעלבער צייט, וואָס היטלער האָט, כלומרשט, אַטאַקירט די גרויסע געלט מאַגנאַטן אין דער עפנטלעכקייט, האָט ער שטילערהייט, בסודי סודות, פאַרהאַנדלט מיט זיי און זיי האָבן געוואוסט אַז זיין צוועק איז אָפּצושאַפן די אַרבעטער פאַראיינען, באַגרענעצן די פּאָליטישע רעכט פון די מאַסן און פאַרזיכערן די פינאַנסירן אַז זיי וועלן בלייבן די אייגנטימער פון זייער רייכטום און אומגעשטערט אין קאָנטראָל פון זייערע געשעפטן.

עס זיינען אויך דאָ גענוג באַווייזן (22־11), אַז די הערשנדיקע שיכטן פון ענגלאַנד און פראַנקרייך מיט דער צושטימונג און דער ברכה פון די הערשנדיקע כוחות פון אַנדערע לענדער, האָבן צוגעטראָגן אַ גרויסן חלק אין דעם פּראָיעקט פון אויפבויען די היטלער־מאַשין. גרויס־בריטאַניע

וואָס האָט געהאַט אַ לאַנג־יאָריקע געשיכטע פון מאַנעווורירן, ניט דערלאָזן אַז אַנדערע פעלקער זאָלן ווערן שטאַרקער (ווי למשל ניט צולאָזן רוסלאַנד צו די דאַרדאַנעלן), וואָס האָט לאַנגע דערפאַרונגען, געניטקייט אין דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען און קאָמבינאַציעס איז ניט געוואָרן מיט אַמאָל אַזוי נאַריש און שוואַך, זי זאָל פאַרנאַכלעסיקן איר אייגענע באַשיצונג אום אײנצושטילן (אַפּיזן) דעם „ווילדן יונג״. ענגלאַנד האָט געוואוסט היטלערס שוואַכקייט, ווען זי האָט אים דערלויבט בילדן אַן אַרמיי, אַ פלאָטע, מיליטאַריזירן דעם רהײנלאַנד, איבערנעמען, אַנעקסירן עסטרייך, אין דער צייט, ווען ער, היטלער, האָט נאָך קיין סך אייגענע כוחות ניט פאַרמאָגט.

איז די פראַגע, צוליב וואָס האָבן די גרויסע פעלקער געזוכט אויפצובויען אַ נאַצי־דייטשלאַנד? וואָס האָבן די אינדוסטריאַליסטן דערוואַרט פון היטלערס מאַכט? די פראַגע איז נאָך שטאַרקער, צוליב וואָס האָט די נאַצי־מאַשין געדאַרפט פאַרלירן אַזויפיל צייט אויף פאַנאַנדערבלאָזן די פּראָפּאָגאַנדע׳פון ראַסע און בלוט, און צוליב וואָס האָבן זיי געדאַרפט אויסמאָרדן זעקס מיליאָן יידן און אַזויפיל מענטשן פון אַנדערע פעלקער? זיי האָבן דאָך אַליין געדאַרפט אויף דעם פאַרנוצן אַ סך מענטשלעכע ענערגיע אין דעם גײַיעג נאָך זייערע קרבנות? די דאָזיקע ענערגיע האָבן זיי דאָך געקאָנט נוצן פאַר זייערע אייגענע באַדערפעניש, ווי בויען דעם מלחמה־אַפּאַראַט. די אויסגעמאָרדעטע מענטשן האָבן דאָך אויך פאַרמאָגט אַ סך אַרבעט־פעאיקייטן, וואָס איז אַליין אַ וויכטיקער קרן אין אַזאַ מלחמה.

ס׳איז ניט גענוג דאָס אַלץ צו דערקלערן מיט היטלערס משוגענער יידן־שנאה. היטלער איז בלויז געווען דער אָנפירער. דער קלאַס, וואָס האָט אַלץ אויסגעפּלאַנירט איז געווען שטאַרקער פון אים. יעדע אַנטיסעמיטישע אַקציע איז אַ רעזולטאַט פון אַ באַדערפעניש פון אַ געוויסן שיכט. אַנטיסעמיטיזם, פאַרשטייט זיך, נוצן זיי צוליב זייערע אייגענע אומריינע צוועקן. די פראַגע ווערט נאָך טיפער: פאַרוואָס האָבן די באַקעמפער פון היטלערן ניט אינפאָרמירט די יידן וואָס עס דערוואַרט זיי אין די היטלערישע לאַגערס?

היטלערס שונאים האָבן געהאַט גענוג מיטלען ווי צו קריגן אינפאָרמאַציע וועגן היטלערס מעשים. זיי האָבן געהאַט שפּיאָנען אין די נייטראַלע לענדער, גייסטלעכע וואָס האָבן קאָמוניקאַציעס מיט זייערע בישאָפּס און די בישאָפּס מיטן וואַטיקאַן. זיי האָבן געהאַט מיטלען ווי צו אינפאָרמירן

די יידן וואָס זיי דערוואַרט דורך דער ראַדיאָ אָדער דורך אַראָפּוואַרפן פלוג־בלעטער און א. וו.

זעקס מיליאָן מענטשן זיינען אַ ריזיקע קראַפט. בפרט ווען די דאָזיקע מיליאָנען זיינען פאַרביטערט און זעען ניט קיין אויסוועג. זיי וואָלטן דאָך געזאָגט תמות נפשי עם פלישתים און וואָלטן מיטגעהאָלפן צו באַקעמפן היטלערן? זיי האָבן דאָס ניט געטאָן. וואָס איז די סיבה?

דעם ענטפער אויף דעם דאַרף מען זוכן אין די עקאָנאָמישע באַדינגונגען וואָס האָבן זיך געשאַפן אויף דער הויך־אַנטוויקלטער שטופע פון די פּראָדוציר־מיטלען און אין דער קאָנצענטראַציע פון וועלט־קאַפּיטאַל.

לאָמיר פּרוּוון אַנטוויקלען דעם געדאַנק.

דער אָנהויב פון קאַפּיטאַליזם

קאַפּיטאַליזם איז אַ רעזולטאַט פון נייע פאַקטאָרן, וואָס האָבן דער־מעגלעכט אַן אומגעהויערע פאַרגרעסערטע מאַסן־פּראָדוקציע. פריער פאַרע נאָך דעם עלקעטריציטעט מיט צוגעפּאַסטע מאַשינען האָבן דערמעגלעכט אַ מאַסן־פּראָדוקציע. איינצלנע מענטשן, אונטערנעמער, האָבן געקאָנט דינגען אַרבעטער און פון זייער פּראַצע אָנזאַמלען גרויסע פאַרמעגנס. דער קאַפּיטאַל האָט געבויט אַלץ גרעסערע און בעסערע מאַשינען און דורכדעם אַרויסגעשטופט קאָנקורענטן, די קלענערע אונטערנעמער. אַזוי איז ביסלעכווייז קאָנצענטרירט געוואָרן גרויסע פאַרמעגנס אין ווייניק הענט.

די קאָנצענטראַציע פון אַרבעטזאַמען קאַפּיטאַל (קאַפּיטאַל, וואָס איז אינוועסטירט אין מאַשינען, ווערקשטאַטן א. א. וו.) איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז די וועלט האָט פריער וועגן דעם אפילו ניט געחלומט.

די מאַסן פּראָדוקציע האָט דאַן אָנגעהויבן אַרויסוואַרפן מענטשן פון זייערע טאָג־טעגלעכע באַשעפטיקונגען. האַנט־אַרבעט קאָן ניט קאָנקורירן מיט מאַשין אַרבעט, ווי באַלעגאָלעס קאָנען ניט קאָנקורירן מיט אייזנבאַנען. פונדעסטוועגן האָט עס זיך, אין אָנפאַנג ניט געפילט זייער שטאַרק אין זייערע אייגענע לענדער.

דאָס בויען נייע מאַשינען און דאָס טרייבן די מאַשינען האָט געפאָדערט אַ סך אַרבעטער. פיל פּראָדוקטן זיינען געוואָרן מער צו־טריטלעך פאַרן דורכשניטלעכן קויפער און זייער געברויך איז שטאַרק

געוואָקסן. סוף כל סוף איז דאָך דער געברויך אין די אייגענע לענדער באַגרענעצט. האָבן די קאַפּיטאַליסטישע לענדער אָנגעהויבן פֿאַרכאַפּן און באַהערשן פּרעמדע לענדער, ניט אַנטוויקלטע, וואָס זיינען צו שוואַך אַרויסצושטעלן אַ ווידערשטאַנד. אין די קליינע לענדער האָבן זיי באַלד געבראַכט חורבן, רואינע. ס׳האָט צעשטערט זייער סאָציאַל־עקאָנאָמישן גלייכגעוויכט. עס איז דאָרט אַנטשטאַנען אַ שרעקלעכע אָרעמקייט מיט אַלע אירע ביטערע קאָנסעקווענצן.

ווי ביליק די מענטשלעכע פּראַצע איז דאָרט געווען, ווי ביליק זיי האָבן געוואָלט פֿאַרקויפֿן זייער, צום ביישפּיל, האַנט־געמאַכטן טאָפּ אָדער שניט־צייג, האָבן זיי ניט געקאָנט קאָנקורירן מיטן מאַשין־געמאַכטן אימפּאָרטירטן פּראָדוקט. אין דער זעלבער צייט איז אויך די הכנסה פֿון זייערע פּויערים געפֿאַלן. פֿילע פּויערים זיינען געוואָרן ערדלאָז. אויסער דעם מערן זיך מענטשן אָבער ניט ערד. די פּריצים האָבן אויסגענוצט די לאַגע און געהעכערט די רענט אויפֿן לאַנד. דאָס האָט געבראַכט אומרוען אין די אָפּגעשטאַנענע קאָלאָניאַלע לענדער.

די פֿאַרכאַפּער פֿון יענע לענדער, די אימפּעריאַליסטישע הערשער האָבן גלייכצייטיק זיך אַליין דערקלערט פֿאַר די הערשער פֿון די ניט־אַנטוויקלטע לענדער און דורכדעם ניט דערלאָזן קיין אַנדערע לענדער קאָנקורירן מיט זיי.

כדי אָנהאַלטן זייער מאַנאָפּאָל־רעכט איבער די אָפּגעשטאַנענע לענדער האָבן זיי דאָרטן אויפֿגעהאַלטן אַרמייען און אָויפֿגעזוכט אָרטיקע אייגנוואוינער וואָס העלפֿן זיי אַרויס.

יענע לענדער לעבן נאָך אין אַ פֿעאָדאַלן צושטאַנד. די ערד באַלאַנגט צו פּריצים. די פּריצים זיינען ניט זיכער מיט זייער מאַכט. מיטן וואוקס פֿון די שטעט, מיט דער אַנטוויקלונג פֿון דער אַרבעטערשאַפֿט וואָלטן די פּויערים געקראָגן דעם געדאַנק צו קאָנפֿיסקירן די ערד און וואָלטן אויך געהאַט די מאַכט דאָס צו רעאַליזירן. דערפֿאַר זיינען זיי אַזוי גרייט אָנצונעמען די איבערהערשאַפֿט פֿון די אימפּעריאַליסטישע לענדער, וואָס גאַראַנטירן פֿאַר זיי זייער אייגנטום און זייערע פּריווילעגיעס. אַזוי וואַקסט אַרויס די שותפֿות צווישן דער פּרעמדער הערשנדיקער מאַכט און די פּריצים, געוועזענע הערשער פֿון די אָפּגעשטאַנענע לענדער, קעגן דער גרויסער מאַסע אָרעמקייט אין זייערע לענדער. די אימפּעריאַליסטן בלייבן די הערשער מיטן

כוח פון שווערד. די אָרעמקייט ווערט טיפער און די אומצופרידנקייט — גרעסער.

אויך אין די שטאַרק־אַנטוויקלטע אימפּעריאַליסטישע לענדער האָט אָנגעהויבן גיין פון שלעכטס צו ערגער. די קאָנצענטראַציע פון דער פּראָדוקציע איז שנעל געוואַקסן. די מעגלעכקייט צו פּראָדוצירן האָט זיך שנעל פאַרגרעסערט אָבער די קויף־קראַפט איז געבליבן הינטערשטעליק.

מאָנאָפּאָל האָט אָפּגעשאַפט קאָנקורענץ.

גרויסע, ריזיקע אונטערנעמונגען האָבן פאַקטיש קאָנטראָלירט לענדער און קאָנטינענטן. די פּרייזן פון פּראָדוקטן זיינען ניט געפאַלן מיט דעם פאַרקלענערטן קאָסט פון פּראָדוצירן. די קויף־קראַפט האָט ניט געקאָנט אויפנעמען דעם סכום פון די אויסגעאַרבעטע פּראָדוקטן. אויף וויפל דער חלק פון פּראָפיט, אין פאַרגלייך מיט דער גאַנצער פּראָדוקציע איז געוואַקסן, אויף אַזויפיל איז קלענער געוואָרן דער סכום פון דער גאַנצער קויף־קראַפט. למשל, אויב דער ריינער פּראָפיט באַטרעפט 15 פּראָצענט פונעם פּרייז פון דער גאַנצער פּראָדוקציע קאָן דאָס פאָלק קויפן נאָר 85 פּראָצענט פון די אויסגעאַרבעטע פּראָדוקטן. דאָס גאַנצע פאָלק קאָן קויפן נאָר פאַר דעם געלט וואָס עס האָט באַקומען. זיי האָבן דאָך געקראָגן נאָר אַ חלק פון דעם פּרייז וואָס די פּראָדוקטן האָבן אַריינגעבראַכט. דער חלק פון פּראָפיט (אין אונדזער ביישפּיל 15 פּראָצענט) וואָס איז אויך געקומען אין דער פאָרם פון פּראָדוקטן האָט ניט געקאָנט געקויפט ווערן, האָבן זיך אָנגעקליבן פיל ניט פאַרקויפטע פּראָדוקטן. זיינען די אַרבעטער געוואָרן אינגאַנצן אַרבעטלאָז און זיינען אַריינגעטריבן געוואָרן אין אָרעמקייט.

די אָרעמקייט, ביי די נייע באַדינגונגען, מוז דערשיינען דווקא דערפאַר וואָס מיר האָבן אַן איבער פּראָדוקציע. אָרעמקייט מוז ברענגען אומרו און רעוואָלט. די פּראָבלעם ווי אַזוי צו פאַרקויפן די אָנגעזאַמלטע סחורות האָט זיך צום אָנהויב ניט געפילט שטאַרק. וואָס מער דער קאַפּיטאַל האָט זיך קאָנצענטרירט אַלץ מער זיינען אויפגעקומען נייערע, בעסערע מאַשינען און אַלץ מער מענטשן זיינען פאַרנומען ביים מאַכן די מאַשינען, און ביים אָפּערירן מיט זיי. אָבער וואָס־ווייטער דאַרף מען שוין ווייניקער מענטשן און עס קומט דער פּונקט פון אָנזעטיקונג, ווען עס ווערט אוממעגלעך זיך ווייטער אויסצושפּרייטן.

פאַר אַ קאַפּיטאַל וואָס קאָן זיך מער ניט אויסשפּרייטן אין זיינע אייגענע לענדער (און וואָס איז, אגב, שטאַרקער פון זיינע אייגענע מלוכות), זיינען די מאָנאָפּאָל־קאָלאָניעס אַ לעבנס־פראַגע. ענגלאַנד, וואָס איז די ערשטע געקומען אויפן פּראָדוקציע־מאַרק, האָט אין יענער צייט שוין פאַרמאָגט די גרעסטע צאָל קאָלאָניעס. שטיל אָבער אומבארחמנות׳דיק האָט זי עקספּלואַטירט אַרום דריי פערטל פון דער מענטשהייט. זי איז געוואָרן שטאַרק באַזאָרגט ווען נייע לענדער, באַזונדערס דייטשלאַנד, און ביז אַ געוויסן גראַד אויך יאַפּאַן האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אינדוסטריעל. זיי זיינען געוואָרן שטאַרקע קאָנקורענטן פאַר די נייע מערק. דאָס איז אין קורצן געווען די סיבה פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

די סיבות פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען געווען עקאָנאָמישע. קאַפּיטאַל האָט זיך מער ניט געקאָנט אויסשפּרייטן אין זיינע אייגענע לענדער. באַזירט אויפן פּראָפיט־סיסטעם האָבן די לענדער ניט געקאָנט פאַרקויפן זייער גאַנצע פּראָדוקציע ביי זיך אין דער היים. דער שנעל־וואַקסענדיקער, קאָנצענטרירטער קאַפּיטאַל האָט געבראַכט אַ שטענדיקן וואוקס פון מאַשינען און אויטאָמאַציע. קאַפּיטאַל איז געוואָרן מאָנאָפּאָליזירט די קאָסט פון פּראָדוצירן איז קלענער געוואָרן, די פּרייזן זיינען געבליבן הויך, דער סכום פון די פּראָדוקטן האָט זיך פאַרגרעסערט, אָבער ניט די קויף־קראַפט. מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַל האָט ווייניקער קאָנקורענץ איז זיין פּראָפיט גרעסער, די איבער־פּראָדוקציע ברענגט אָבער אַרבעטלאָזיקייט, דערפאַר זיינען די קאָלאָניעס ביי די הערשער פון קאַפּיטאַל געוואָרן דער איינציקער מיטל צו פאַרמיידן אַרבעטלאָזיקייט און רעוואָלט פון די מאַסן.

דערווייל זיינען צוגעקומען נייע קאָנקורענטן אויפן וועלט־מאַרק. דייטשלאַנד האָט זיך שטאַרק אינדוסטריאַליזירט. זי איז געוואָרן אַ שטאַרקער און אַ געפערלעכער קאָנקורענט, האָבן די מאָנאָפּאָליסטן געהאָפט אַז די מלחמה וועט צעשטערן די אינדוסטריעלע קראַפט פון דייטשלאַנד און אַזוי אַרום זי פאַרטרייבן פון וועלט־מאַרק.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט דעם אימפּעריאַליזם ניט געבראַכט די געוואונטשטע רעזולטאַטן. די מלחמה האָט געגעבן אַ טויט־קלאַפּ דעם גאַנצן קאָלאָניאַלן סיסטעם. די צאַרישע מאַכט אין רוסלאַנד איז אָפּגעווישט געוואָרן. די פריערים וועמענס עקזיסטענץ איז אָפּהענגיק פון ערד־באַזיץ,

האָבן פאַרלוירן דעם צוטרוי צו די פּריצים. די מאַכט־האָבער און די פּאַר־מעגלעכע קלאַסן, זיי האָבן באַלד אָרגאַניזירט סאָלדאַטן (פּויערים) און אַרבעטער־פאַראייִנען און האָבן איבערגענומען די פּאַקטישע מאַכט פון דער רעגירונג. כאָטש זיי האָבן אָפּגעוואָרט מיטן איבערנעמען די יורידישע מאַכט. ווען די פּריצים האָבן געפּרואווט איינפירן אַ דיקטאַטור (די קאָרנילאָוו־געשיכטע) האָבן זיך שוין די פּויערים און די אַרבעטער געאײַלט און אויך איבערגענומען די יורידישע מאַכט. מיט דער קאָנפיסקאַציע פון די ערד־שטחים, די וועלדער און אינווענטאַר זײַנען אויך די קאָמערציעלע בענק געוואָרן מאַכטלאָז. אַ סך אימעניעס זײַנען געווען פאַרמשכונ׳ט אין די בענק. דאָס לעבן האָט שוין געטריבן איבערנעמען די זאַוואָדן (פאַבריקן).

די מלחמה און די אינטערווענץ אין סאָוועטישן לעבן האָבן אויסגע־מאַטערט די גרויס־קאַפּיטאַליסטישע לענדער און זיי האָבן שוין מער ניט געקאָנט אָנהאַלטן זייער הערשאַפט איבער אַנדערע אונטערדריקטע לענדער. דאָס לעבן אין די אָפּגעשטאַנענע לענדער איז דערווייל געוואָרן שווערער און די מאַסן האָבן אַלץ מער אָנגעהויבן רעוואָלטירן. לענדער האָבן זיך דערקלערט אומאָפּהענגיק, פריי. די מאָנאָפּאָל־מאַכט איבער זיי איז אָפּ־געשאַפט געוואָרן. די באַפרייטע נאָר נאָך־ניט אַנטוויקלטע לענדער זײַנען טאַקע אַליין ניט געווען ביכולת צו לייגן די פונדאַמענטן פאַר אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, זיי האָבן ניט געהאַט די ריזיקע קאַפּיטאַלן וואָס זײַנען נויטיק פאַר אינדוסטריאַליזאַציע. די קאַפּי־טאַליסטישע לענדער האָבן נאָך אַלץ געהאַט מעגלעכקייטן אָנצוגיין מיט זייער געשעפטלעכע באַציאונג און זיי פאַרקויפן אַ סך מאַטעריאַלן, פּראָדוקטן און מאַשינען. גרויס קאַפּיטאַל האָט זיך אָבער אָפּגעהאַלטן און ניט געוואָלט שאַפן נייע אינדוסטריעלע קאָנקורענטן, ניט געוואָלט אינוועסטירן דאָרטן קיין קאַפּיטאַל. זיי האָבן דורך אָפענע און באַהאַטלענע מיטלען געשטערט די אַנטוויקלונג פון ניי־אויפגעקומענע לענדער.

די נייע לענדער זײַנען געצוואונגען געוואָרן אַליין פּלאַנירן זייער אויפבוי אויף סאָציאַלע יסודות. זייערע רעגירונגען האָבן אָנגעהויבן בויען פאָלקס־אונטערנעמונגען. דאָס האָט נאָך מער באַגרענעצט דעם מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַל.

דער וועלט־מאַרק איז איינגעשרומפּן געוואָרן. דער סאָוועטן־

פאַרבאַנד איז אינגאַנצן אַרויס פון דעם געשעפט־קרייז, אינדיע און כינע, כמעט אַ העלפט פון דער מענטשהייט זיינען אויך מער ניט געווען קיין קאָ־לאָניעס. וויפל מען האָט זיי ניט געגעבן קיין פינאַנציעלע און טעכנישע הילף זיינען זיי שוין מער ניט געווען צוגעבונדן צו דעם אָדער יענעם לאַנד און עס האָט אויסגעזען אַז עס וועט שוין ניט נעמען לאַנג און זיי וועלן אויך קומען אויפן וועלט־מאַרק ווי גלייכע.

דער איבערפלוס פון פּאַרטיקע פּראָדוקטן איז גרעסער געוואָרן. מיטן וואוקס פון אַרבעטלאָזיקייט, וועלן די אַרבעטער ביים שטים־קאַסטן, האָט עס אויסגעזען, באַלד אויסקעמפן פאַר זיך אַ גרעסערן חלק פונעם „לאַבן ברויט" און אפשר אויך דורך אַ רעוואָלוציע אַלץ איבערנעמען. גרויס־קאַפּיטאַל איז שוין אַריינגעפאַלן אין אַ פּאַניק.

דער מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַל האָט זיך שוין איצט פאַרמאָסט; אָפּצו־שאַפן דעמאָקראַטיע אינגאַנצן, סיי ביי זיך און סיי אין אַנדערע לענדער כדי אינגאַנצן זיך פאַרזיכערן מיט זייער אייגנטום און מאַכט. דאָס בילד פון דעם סאָוועטן פאַרבאַנד האָט שטענדיק געשוועבט פאַר זייערע אויגן. זיי האָבן געזען איין אויסוועג פון דער לאַגע: צונעמען „דורך אַלע מיטלען" די פּאָליטישע מאַכט ביי די מאַסן.

„אויף אַ פאַרזאַמלונג דעם 20־טן פעברואַר, 1933, אין הויז פון הער גערינג אינעם פּאַלאַץ פון פּרעזידענט פון רייכסטאַג, האָט היטלער גע־האַלטן אַ לאַנגע רעדע פאַר די אינדוסטריאַליסטן פון דייטשלאַנד. ער האָט געזאָגט „פּריוואַט אייגנטום קאָן ניט אָנגעהאַלטן ווערן אין אַן עפּאָכע פון דעמאָקראַטיע. עס איז נאָר מעגלעך ווען דאָס פאָלק איז שטאַרק איינגע־גלויבט אין אויטאָריטעט און פּערזענלעכקייט. אַלץ וואָס מיר פאַרמאָגן איז דער רעזולטאַט פון אויסדערוויילטע פּערזענלעכקייטן" (וויליאַם שירער, „דער אויפקום און דאָס פאַלן פון דריטן רייך", ענגליש, זז. 190 ‎2־4).

עס פאַרשטייט זיך, אַז די אינדוסטריאַליסטן האָבן דאָס אַליין פריער גוט געוואוסט נאָר אויף יענער פאַרזאַמלונג האָט זיי היטלער פאַרזיכערט, אַז זיי וועלן פאַרבלייבן די אייגנטימער פון די גרויסע קאַרטעלן און זיי וועלן אַריינקריגן מער מאַכט. אַלץ וואָס זיי דאַרפן טאָן איז אָפּנאַרן די באַפעלקערונג כדי אָוועקנעמען ביי זיי די שטימרעכט און איבערנעמען די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען (יוניאָנס). אָנגעהויבן האָבן די דייטשע מאַגנאַטן

מיט דער הילף פון די יונקערס. באַלד זיינען צוגעשטאַנען די אינדוסטרי־אַליסטן פון אַנדערע לענדער, איבערהויפּט פון ענגלאַנד און פראַנקרייך. דער שרעק פאַר דער וואַקסנדיקער אַרבעטלאָזיקייט און דער אויסזיכט, אַז די באַפעלקערונג וועט מאַכן אַן אויפשטאַנד איז געווען פאַר זייערע אויגן.

זייער פּלאַן איז איצט געווען צו צעשטערן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, צע־ברעכן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אויסראָטן די אינטעליגענץ, אָפּשאַפן די פרייהייט און איינפירן פעאָדאַליזם אונטער אַ נייעם נאָמען. „די זעלבע כלה נאָר אַנדערש געשלייערט״.

די זעלבע לענדער וואָס זיינען געווען זייער שטרענג צו דער „וואימאַר רעפּובליק״ זיינען גלייך מילד געוואָרן מיטן היטלער רעזשים. מיט דער פינאַנציעלער שטיצע פון די סטינעס, די קרופּס, די שקאָדאַ פון טשע־כאָסלאָוואַקיע און די שניידערס פון פראַנקרייך, זיינען פּריוואַטע אַרמעען פון געדונגענע שלעגער, און כוליגאַנעס אויסגעהאַלטן געוואָרן נאָך איידער ער האָט באַקומען רעגירונגס־מאַכט.

די ענגלישע רעגירונג אַנגעפירט פון אירע באַנקירן איז אויך באַלד צוגעשטאַנען און געהאָלפן אויפבויען די היטלער מאַשין. אָפּנעמען דאָס שטימרעכט פון דער באַפעלקערונג דאָס איז ניט אַזוי גרינג אפילו אָפּשאַפן די אַרבעטלאָזיקייט צו אַ הויכן גראַד, אפילו מיט אויפהייבן דעם פּרעסטיזש פון דער רעגירונג דורך ווייזן היטלערס דערפאָלגן אין צעברעכן דעם ווערסאַילער אָפּמאַך איז נאָך אַלץ שווער אָפּצורייזן די מאַסן פון זייערע נאַטירלעכע רעכט, עס האָט זיך נאָר געפאָדערט אַן אַזוי־גערופענע „מאָראַליש״ פּלאַטפאָרם. מען האָט דעריבער צוגעטראַכט אַ ראַסן־טעאָריע כדי איינריידן די דייטשע מאַסן, אַז זיי זיינען אַן „עהרן־ראַסע״, העכערע באַשעפענישן און אַנדערע ראַסן זיינען בלויז נעבאַכדיקע ברואים. עס האָט זיך געפאָדערט אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע וועגן דער כלומרשטער נויטווענ־דיקייט פון ראַסן־ריינקייט און דערפאַר האָט מען אויסגענוצט דעם אַלטן שעיר לעזאזל — דאָס יידישע פאָלק. ווען די צאַרישע מאָנאַרכיסטישע גרופּן האָבן געוואָלט אָפּווענדן די פויערים פון די באָלשעוויסטישע אידעען כדי צוריקברענגען צאַריזם, איז געווען גענוג די מאָטאָ: „שלאָג דעם זשיד און ראַטעווע רוסלאַנד!״. מאַכן פּאָגראָמען אויף יידן איז ביי זיי געווען אַ ריכטיק שלאָג־וואָרט. כדי אָבער צו מאַכן אַ גאַנצע פּאָליטיש־

עקאָנאָמישע איבערקערעניש, צעשטערן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און אַוועקנעמען ביי די מאַסן אַלע פּריוויליגיעס, איז שוין נויטיק געווען צו ברוטאַליזירן, אויפבלאָזן אין די מאַסן אַנדערע שטרעבונגען. די בלוטיקע ראַסן־מאָרדן האָט געדינט אַלס פאַרשלעפערונגס־מיטל, אויסצוראָטן אַלע יידן, פאַרניכטן די גרעסטע צאָל פון די סלאַווישע פעלקער, באַזונדערס זייערע געלערנטע.. דאָס איז געווען אַ וויכטיקער טייל פון דעם גאַנצן פלאַן.

דאָס הייסט אַז היטלער אַליין אָדער די דייטשע קאַרטעלן זיינען געווען ניט די איינציקע שולדיקע אין אַלע פאַרברעכנס. די ענגלישע, די פראַנצויזישע און אַ גרויסער טייל פון דער אַמעריקאַנער פינאַנץ־ אָליגאַרכיע זיינען געווען שותפים פון דעם נידערטרעכטיקן פּראָיעקט. 27־23)

זייער טייוולאָנישער פלאַן האָט אויך פאַרלאַנגט מען זאָל פאַרניכטן אַנדערע פעלקער וואָס האָבן געהאַט דעמאָקראַטישע טראַדיציעס און אויסראָטן זייער אינדוסטריעלע קאַפּאַציטעט ווי די קליינע נאָר צנטוויקלטע לענדער: האָלאַנד, בעלגיע, נאָרוועגיע און לוקסעמבורג.

דאָס איז געווען אַ גראַנדיעזער פאַרזוך צו ברענגען אַ „נייעם מילעניום״ פאַר דער מענטשהייט.

די 2־טע וועלט־מלחמה איז געווען אַ רעזולטאַט פון דעם וואָס מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַל האָט זיך דערשראָקן פאַר דער אָרגאַניזירטער פּאָליטישער מאַכט פון די מאַסן. דער פּראָפיט־סיסטעם פירט צו אַן עקאָנאָמישן צוזאַמענברוך וואָס ברענגט מיט זיך מאַסן אַרבעטלאָזיקייט און דאָס קאָן צווינגען די באַפעלקערונג זאָל אָנהויבן אויסנוצן די פּאָליטישע מאַכט און איבערנעמען די עקאָנאָמיע. דאָס איז דער הינטערגרונט פון דער צווייטער וועלט מלחמה און דאָס זיינען די סיבות פון די וואַקלענישן און די שטערונגען אין דעם קריג קעגן היטלערן, וואָס די מערב־פעלקער האָבן ביי דעם פון אָנהויב־אָן אַרויסגעוויזן אַ צוויי־פּנים׳דיקייט.

זייער פלאַן צו איינשטעלן צוריק פעאָדאַליזם האָט אָבער ניט געקאָנט דורכגעפירט ווערן. דער ענגלישער קאַפּיטאַל, וואָס האָט אין געהיים, אויסגעאַרבעט די פּלענער פאַרן היטלעריזם, און אים אַוועקגעגעבן דעם רהיינלאַנד, עסטרייך, דערלויבט אַ גרויסן פּלאַט און סאָבמאַרינען, אים איבערגעגעבן שפּאַניע, צעבראָכן די פעלקער־ליגע און איבערגעגעבן טשעכאָסלאָוואַקיע, — דאָס אַלץ האָט היטלערן ניט געהאָלפן ווען ער איז אַריין

קיין פּוילן. פּוילן איז פֿאַר אים געווען אַ וועג צום סאָוועטן פֿאַרבאַנד. דאָס זעלבע איז געשען מיט די פֿראַנצויזישע מאַכט־האָבער. זיי האָבן צעבראָכן דעם קליינעם „אַנטאַנט", וואָס איז פֿאַר זיי געווען אַ שוץ־וואַנט כדי וואַרפֿן די באַלקאַנישע לענדער אונטער דער נאַצי־הערשאַפֿט. זיי האָבן אָפּגעגעבן טשעכאָסלאָוואַקיע און דערמיט אונטערגעגראָבן זייער אייגענע זיכערקייט. זיי האָבן צעריסן זייער אייגענעם זיכערקייט־אָפּמאַך מיטן סאָוועטן פֿאַרבאַנד און האָבן פֿאַרראַטן זייער אייגן לאַנד. אָבער קיין ממשות׳דיקע הילף האָבן זיי אים ניט געקאָנט געבן. מער ווי דאָס: ווען היטלער איז באַפֿאַלן דעם סאָוועטן פֿאַרבאַנד האָט דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם געכאַפּט אַן אמתן ציטער...

פֿריער דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַל און נאָכדעם דער ענגלישער האָבן פֿאַר זיך דערזען אַ מעגלעכקייט אינגאַנצן אָפּגעווישט ווערן און אַרויסגעטריבן ווערן פֿון וועלט־מאַרק. וואָלט דער סאָוועטנפֿאַרבאַנד צעשטערט געוואָרן וואָלט שוין מער ניט געווען קיין „באַלאַנס פֿון כוחות". פֿאַר אַ זיגרייכע דייטשלאַנד וואָס באַהערשט אַזויפֿיל נאַטירלעכע אוצרות און אַ ריזיקן מענטשן מאַטעריאַל, מיט דער הילף פֿון יאַפּאַן וואָלט געווען גרינג צו פֿאַרמאַכן אַלע וועגן פֿאַר האַנדל פֿאַר אַמעריקאַנער און ענגלישן קאַפּיטאַל, די גאַנצע אַמעריקאַנער אינדוסטריע וואָלט געשטעלט געוואָרן פֿאַר דער געפֿאַר פֿון אונטערגאַנג, אַלע גרעסערע און קלענערע קאָלאָניאַלע לענדער וואָלטן דאַן פֿאַרשלאָסן געוואָרן פֿאַרן אַמעריקאַנער האַנדל און אַמעריקע וואָלט פֿאַרלאָרן אירע מערק וואו אָפּזעצן אירע סחורות און וואו צו קריגן רוי־מאַטעריאַלן פֿאַר דער אינדוסטריע, מיט איין וואָרט: זיי האָבן געזען אַז דאָס איז אַ שפּיל פֿאַרן טייוול.

אַמעריקע האָט צוליב אירע אייגענע אינטערעסן זיך געמוזט אַריינוואַרפֿן צוזאַמען מיטן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד אין קאַמף קעגן פֿאַשיזם.

ווען ניט דער אַליאירטער קאַמף וואָלט זי אַליין געדאַרפֿט קעמפֿן קעגן אַ שטאַרקערן שונא. דער פֿאַרזוך פֿון גרויס קאַפּיטאַל אָפּצושאַפֿן דעמאָקראַטיע האָט זיך אים ניט איינגעגעבן.

נעאָ־קאָלאָניאַליזם

די פּראָבלעם פֿון איבער פּראָדוקציע איז אָבער געבליבן. דער סיסטעם

פון קאָנצענטרירטן קאַפּיטאַל, וואָס דערמעגלעכט פאַרגרעסערטע מעכאַני־זאַציע און אָטאָמאַציע פון מאַשינען, מאַסן פּראָדוקציע זון די פּראַגע פון געפינען נייע מערק פאַר סחורות כדי אויסמיידן אַרבעטלאָזיקייט און אומרועז, איז ווייטער געבליבן און אַגגענומען נאָך שאַרפערע פאָרמען. נייע געלעגנ־הייטן צו מאָנאָפּאָליזירן די שוואַכערע לענדער פאַרן אייגענעם מאַרק זיינען פּאַקטיש אויסגעשלאָסן. האָבן זיי אָנגעהויבן זוכן נייע וועגן פאַרן אַלטן אימפּעריאַליזם..

דער לעצטער נוסח איז אימפּעריאַליזם „ביי פּראַקסי", אַ מין אימ־פּעריאַליזם „פון הינטער די קוליסן".

זיי פלאַנירן, פינאַנסירן, זעצן אַרויף אַ דיקטאַטאָר אין אַן אומאַנטוויקלט לאַנד. זיין אויפגאַבע איז ניט צו דערלאָזן קיין אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג, מיט דעם אַליין וואָס ער דערלאָזט ניט אַריינפליסן קיין אַנדער קאַפּיטאַל. דער דיקטאַטאָר שענקט אַוועק בחצי חינם די נאַטירלעכע רייכטימער צו זיינע שטיצער. ער דריקט אונטער יעדן פאַרלאַנג פון די מאַסן פאַר דעמאָקראַטיע, ער דערלאָזט ניט קיין אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט און אַזוי אַרום שאַפט ער אַ מאַרק פאַרן אימפּעריאַליזם און גיט אים אַ מעגלעכקייט דאָרטן צו פאַרקויפן זיינע סחורות און אַרויספירן רוי־מאַטעריאַלן. דאָס מאַכט אַז דאָס לאַנד זאָל אַלץ מער פאַראָרעמט ווערן; זייערע פּראָדוקטן זיינע ביליג און קיין אינדוסטריע קומט ניט אויף; אַזוי זיינען די „פרייע" ווי פראַנקאָ־שפּאַניע, דרום־אַמעריקע, די אַראַבישע לענדער, איראַן און אַנדערע.

דער סיסטעם פון נעאָ־קאָלאָניאַליזם איז די סיבה פון אַלע שטערונגען וואָס ענגלאַנד האָט געמאַכט פאַר די יידישע איינוואַנדערער קיין ארץ ישראל. אַ הויך־אַנטוויקלט פאָלק ווי יידן איז ניט געוואונטשן ווען מען וויל אויפהאַלטן דיקטאַטור אין אַ שכניש לאַנד.

דער פונדאַמענט פון נעאָ־קאָלאָניאַליזם איז אויך אונטערדריקונג. זיין אָנשפּאַר איז די געשאַפענע דיקטאַטור אין די שוואַך־אַנטוויקלטע לענדער. דערפאַר מוז ער באַהערשן די פּובליסיטי אַגענטן (ראַדיאָ, טעלעוויזיע, די פּרעסע און אפילו די לערן־אַנשטאַלטן). ער שטיצט זיך אויף דער שנאה צווישן די פעלקער. דער ייד און דער נעגער דאַרפן זיין דער שעיר לעזאזל, ראַסן־האַס, אַנטיסעמיטיזם איז אַ נויטווענדיקייט פאַר דער נעאָ־קאָלאָניאַלער עקזיסטענץ. יעדער באַפרייט לאַנד מוז אָפּשוואַכן דעם מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַל.

ווי לאַנג דער סיסטעם פון פראָפיט וועט אָנהאַלטן וועלן מיר ניט האָבן קיין אמת פרייע פּרעסע, ראַדיאָ און טעלעוויזיע. די פינאַנציעלע מיטלען פון די פּראָפּאָגאַנדע מיטלען וועלן גלייך אָפּגעשניטן ווערן, אויב זיי וועלן קריטיקירן די וואָל־סטריט טאַקטיק.

דער גאַנצער סיסטעם פון פּראָפיט קאָן ניט האָבן קיין אַריכות ימים. מיט יעדער ניי אינדוסטריאַליזירט לאַנד פאַרגרעסערט זיך די קאָנקורענץ אויפן וועלט־מאַרק און דער שטענדיקער פּאָרשריט פון מעכאַניזאַציע און אויטאָמאַציע באַשרענקט די אינעווייניקסטע קויף־קראַפט.

עס בלייבט איין אויסוועג פאַר דער מענטשהייט: נאַציאָנאַליזירן, אַמ־ווייניגסטנס די פּראָדוציר־מיטלען כדי פּרייזן זאָלן ניט זיין ווייט־העכער פון זייער פּראָדוקציע קאָסטן. עס קאָן קומען מיט אַמאָל. עס קאָן קומען לאַנגזאַם, ביסלעכווייז, בהדרגה׳דיק אָבער עס מוז קומען! קיין אַנדער וועג איז ניטאָ!

ביז דאָס וועט צושטאַנד קומען דאַרף מען דערוואַרטן פאַרשיידענע מאַנעוורעס פון גרויס קאַפּיטאַל וואָס וויל אָנהאַלטן זיין מאַכט מיט גוואַלד־מיטלען, מיט אויפרייצן איין טייל פאָלק קעגן צווייטן און מיט אָנרייצן די באַפעלקערונג קעגן יידן און נעגערס א. אַ. וו. אימפּעראַליזם „ביי פּראַקסי״ מיינט אַז דער כוח פון דיקטאַטאָר איז באַהאַלטן הינטער די קוליסן און איז שוין ניט אַזוי שטאַנדהאַפטיק און דויערנדיק ווי פריער ווען דער כוח איז געווען ברוטאַל און אָפן. יעדער אַרויפגעצוואונגענער דיקטאַטאָר קאָן נאָר אָנהאַלטן זיין מאַכט צייטווייליק. די לאַגע וועט זיך אָבער בייטן, דערצו וועט ווירקן די נאָענטקייט פון די לענדער, די קאָמוניקאַציע, די פאַנאַנדער־שפּרייטונג פון נייעם געדאַנקען־גאַנג. עס איז קיין ספק ניט, אַז מיר שטייען אויפן שוועל פון נייע איבערראַשונגען.

עס איז אויך כדאי זיך אָפּשטעלן וועגן דעם נייעם געשריי וועגן צופיל מענטשן אויף דער וועלט („פּאָפּולעישאָן עקספּלאָזשן״), וואָס פאַר־אורזאַכט כלומרשט די אָרעמקייט. דער אמת איז אָבער, אַז וואָס מער מענטשן אַלץ מער שטייגט די קויף־קראַפט. הונגער און נויט זיינען פאַראַן נאָר דאָרטן וואו די ערד באַלאַנגט צו די פּריצים און וואו עס הערשט וואו עס הערשט אָפּגעשטאַנענקייט, וואו עס איז ניטאָ קיין אַנטוויקלטע אינ־דוסטריע און וואו די אויבערהערשער זיינען פרעמדע אַריינדרינגער, דערלאָזן

ניט קיין מאָדערניזאַציע און צעטיילן די דאָרטיקע איינוואוינער זיי זאָלן זיך רייסן ביי די נעזער. מיט דער אַנטוויקלונג פון דער גאַנצער מענטשהייט וועט אויך די אַגריקולטור פאַרבעסערט ווערן און מען וועט געפינען אַנדערע מיטלען צו פאַרגרעסערן די שפּייז־פּראָדוקציע.

## באמערקונגען

1) די גרויסע געשעפטסלייט זיינען געווען שטאַרק צופרידן פון דער בייער רעגירונג וואָס וועט צוימען די אָרגאַניזירטע אַרבעטער, זיי „אָוועק־שטעלן אויף זייער פּלאַץ" און לאָזן די אייגנטימער אַליין אָנגיין מיט די געשעפטן. זיי האָבן איינגעשטימט אָפּצוהאַלטן אַ מיטינג דעם 20־טן פעברואַר, 1933 אין גערינגס פּאַלאַץ.

2) דאָרטן האָט היטלער אויסגעלייגט זיין פּראָגראַם פאַר די פאַרזאַמלטע מאַגנאַטן, צווישן וועלכע עס זיינען געווען קרופּ וואָן באָהלען, באָש און שניצלער פון די אי. גע פאַרב־טראַסטן און וואָגעלער פון די פאַראייניקטע שטאָל־פאַבריקן. היטלער האָט אָנגעהויבן מיט דעם, אַז פּריוואַטע אונטער־נעמונג קאָן ניט אויפגעהאַלטן ווערן אין דער עפּאָכע פון דעמאָקראַטיע. דאָס איז בלויז מעגלעך ווען די מאַסן האָבן אַ געהעריקן צוגאַנג צו דער אוי־טאָראַטיווער פּערזענלעכקייט. אַלץ וואָס מיר פאַרמאָגן איז אַ רעזולטאַט פון די אויסדערוויילטע פירער. מיר טאָרן ניט פאַרגעסן, אַז די אַלע בענע־פיטן פון קולטור דאַרף מען אויסטיילן מיט אַן אייזערנער פויסט.

ער האָט צוגעזאָגט אַז ער וועט אָפּראַמען די מאַרקסיסטן.

גערינג האָט גערעדט מער צום פּונקט. ער האָט געפאָדערט מען זאָל זיין גרייט אויף פינאַנציעלע קרבנות, באַזונדערס פאַר די קומענדיקע וואַלן, דעם 5־טן מערץ. דאָס וועלן מסתמא זיין די לעצטע פאַר נאָך צען יאָר אָדער אפשר פאַר נאָך הונדערט יאָר. (שירער, דער דריטער רייך, זז. 190)ח

3) ער האָט צוגעזאָגט אָוועקצופירן די דייטשן פון סאָציאַליזם, קאָמוניזם טרעיד יוניאָניזם און דער באַרישקייט פון דעמאָקראַטיע (דאָרטן זז. 141).

4) 1932, די אָנפירער פון „פאַראיין פון דייטשע אינדוסטריעס", בראש מיט גוסטאַוו קרופּ, זייער פאָרזיצער, האָבן אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג אין בערלין צוזאַמען מיט די באַציס וועגן פינאַנסירן די וואַלן אין 1932. נאָכדעם ווי היטלער האָט געזאָגט אַז עס מוז פאָרקומען אַ צעטיילונג צווישן דע־מאָקראַטיע און פריוואַטן קאַפּיטאַל. פריוואַט אייגנטום פון די פּראָדוציר־מיטלען איז בלויז דאַן זיכער ווען דעמאָקראַטיע ווערט אָפּגעשאַפט.

די אינדוסטריאַליסטן האָבן צוגעזאָגט זייער שטיצע צו פינאַנסירן די וואַלן. (אַרטור שניצלער, „ביג ביזנעס אין נאַצי דזשוירמאַני", ענגליש, זז. 105)

5) די געביטן פון ריין־פּאָליטישע, קולטורעלע און אידעאָלאָגישע אינפאָרמאַציע און פּאָליציי־אַקציע זיינען געווען אין די הענט פון דער נאַצי־פּאַרטיי. זייער מאָנאָפּאָליע האָט זיך אָבער ניט אויסגעשפּרייט אין די מיליטערישע און עקאָנאָמישע ספערעס (דאָרטן, זז. 42).

באַנקירן, הויכע קירכלייט, די פירער פון דער אַרמיי, די מאַגיסטראַטן פון פאַרשיידענע סאָרטן אין מערב־אייראָפּע, האָבן זיך קיינמאָל ניט אויפגעהערט שרעקן, אַז זייערע אייגענע אַרבעטער און פּויערים זאָלן ניט מאַכן קיין סאָציאַלע רעוואָלוציע. זיי האָבן מורא געהאַט פאַר דער אָרגאַניזיר־קראַפט פון קאָמוניזם. זיי האָבן אינסטינקטיוו און מיט אייפער געשטיצט דעם פאַשיזם, וואָס כאָטש זיי האָבן געזען, אַז ער איז אַ געגנגסטעריזם, איז ער דאָך דער איינציקער כוח, וואָס קאָן באַזיגן דעם קאָמוניזם און פאַרזיכערן זייערע פאַרמעגנס (פלעמינג, די קוואַלן פון דער קאַלטער מלחמה, זז.84).

7) וויליאַם ר. שיירער דערמאָנט אין זיין בוך אַ צאָל ביישטייערער פאַר די נאַצי פאָנדן: געאָרג וואָן שניצלער פון די אי גע פאַרבן, אויגוסט ראָסטעג און אויגוסט דיען פון דער פּאָטאַש אינדוסטריע, די האַמבורג־אַמעריקען שיף־ליניע, די ברויזע קוילן־אינדוסטריע פון צענטראַל דייטשלאַנד, אַ באַנקיר פון קעלן אָטאָ וואָלף, די דייטשע באַנק, די קאָמערץ און פריוואַט באַנק, די דייטשע קרעדיט געזעלשאַפט, די גרעסטע דייטשע פאַרזיכערונגס געזעלשאַפט „די אַליאַנץ". דער גרויסער מינכענער פאַרלעגער ברוקמאַן האָט פון סאַמע אָנהויב געהאָלפן פינאַנציעל היטלערן און אַזוי אויך בערנ־שטיין, אַ פּיאַנאָ־פּראָדוצירער.

8) נאָך אין 1926 האָבן סער דעטערדינג, אַן ענגלישער אויל־מאַגנאַט אויסגעאַרבעט מיט אַלפרעד ראָזנבערגן, דעם אידעאָלאָג פון נאַציזם, אַ פּלאַן אָוועקצוגעבן די באַלטישע פּראָווינצן דייטשלאַנד און פּאַרגיטיקן פּוילן מיט אָפּרייסן פון די סאָוועטן די אוקראַיינע און עס איבערגעבן צו פּוילן.

9) אין 1929 איז עמיל קורדאָף, אַ קוילן מאַגנאַט, געוואָרן אַ גרויסער שטיצער פון די נאַציס. פאַר אים האָבן פריץ טהיסען אַ סך בייגעשטייערט פאַר די נאַצי פּאַנדן. די נאַציס האָבן זיך געניטיקט אין גרויסע סומעס געלט. נאָך אין 1930 האָבן זיי שוין געהאַט אַן אייגענע אַרמיי פון הונדערט טויזנט סאָלדאַטן. (זע, שירערס ווערק).

10) אין 1932 האָט אַ נאַצי געשריבן, אַז עס איז באַוואוסט, אַז די אי. גע. פאַרבן פינאַנסירט די נאַצי פּאַרטיי. אין זעלבן יאָר האָט דער „פּאַראיין פון דייטשע אינדוסטריע" ביי אַ געהיימער פאַרזאַמלונג, באַשלאָסן צו שטיצן דעם היטלער־קאָמפּעין סעפּט. 1932 האָבן די אָנפירנדיקע רור־אינדוסטריעלער פאָרגעשלאָגן אין בערלין היטלערן פאַרן רייכס־קאַנצלער.

דעם 28־טן נאָוועמבער האָבן וואָן שראָדער און אַלבערט וואָגעלער געשיקט אַ פּעטיציע צו הינדענבורגן ער זאָל באַשטימען היטלערן אַלס רייכס־קאַנצלער. קלאָר, אַז די גרויסע דייטשע מאַגנאַטן האָבן געאַרבעט פאַר די נאַציס .מיט זיי האָט מיטגעאַרבעט די דייטשע פּרעס, וואָס די דייטשע מאַגנאַטן זיינען געווען אירע באַלעבאַטים.

און וואָס איז מכוח דער שטעלונג פון דער ענגלישער דעמאָקראַטישער רעגירונג ?

11) נאָך אין 1934 האָט סער דזשאָן סיימאָן, ענגלישער אויסערן־מיניסטער געלאָזט וויסן אַז ענגלאַנד איז פאַר דערלויבן דייטשע באַוואפענונג וואָס איז געווען קעגן דעם פאַרבאָט פון ווערסאַילער שלום־אָפּמאַך.

12) אין אָקטאָבער 1933 איז דייטשלאַנד אַרויסגעטראָטן פון דער פעלקער ליגע. אין 1935 האָט לאָרד לאָיטאָן באַזוכט היטלערן און אים געלאָזט וויסן, אַז ענגלאַנד איז ניט קעגן ענדערן דעם סטאַטוס פון עסטרייך, וואָס איז אויך געווען אַ פאַרלעצונג פון ווערסאַילער אָפּמאַך.

אין מאַי, 1935 איז פאָן ריבעטראָפּ איינגעלאַדן געוואָרן קיין לאָנדאָן. ענגלאַנד האָט דערלויבט דייטשלאַנד אויפבויען א פלאָט 35 פראָצענט די גרויס פון דעם ענגלישן פלאָט. מען האָט אויך דערלויבט די דייטשן צו בויען אַן אומבאַגרענעצטע צאָל סאָבמאַרינען. דערמיט האָט ענגלאַנד איגנאָ-רירט די פעלקער ליגע וואָס האָט געהאַט דעם אויפזיכט איבער דעם שלום אָפּמאַך פון 1919. וועגן דעם האָט ענגלאַנד ניט געלאָזט וויסן אירע שותפים פון דעם סטרעזאָ פאַרזיכערונגס-בונד, פראַנקרייך און איטאַליע.

13) אין אָקטאָבער, 1935 איז מוסאָליני באַפאַלן עטיאָפּיע און ענגלאַנד האָט ניט דערלאָזן, אַז די פעלקער ליגע זאָל אָנווענדן סאַנקציעס קעגן איטאַליע. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון סוף פון דער פעלקער ליגע.

4) דעם 7-טן מערץ, 1636 האָט דייטשלאַנד אַריינגעמאַרשירט אין רהיינלאַנד קעגן דעם פאַרבאָט פון ווערסאילער אָפּמאַך. דער דייטשער גענעראַל-שטאַב האָט מורא געהאַט פאַר פראַנקרייך, וואָס האָט געהאַט הונ-דערט דיוויזיעס קעגן דריי דייטשע באַטאַליאָנען. היטלער האָט אָבער גע-וואוסט אַז ענגלאַנד און פראַנקרייך וועלן אים געבן אַ פרייען וועג. דאָס האָט היטלערן צוגעגעבן פרעסטיזש. ענגלאַנד איז דעמאָלט געווען זייער צופרידן מיט דעם וואָס היטלער האָט פאָרגעשלאָגן אַ 25-יאָריקן שלום-אָפּמאַך מיט ענגלאַנד.

דער סאָוועטן פאַרבאַנד, פוילן, רומעניע און יוגאָסלאַוויע האָבן אויס-געפונען, אַז פראַנקרייך וועט זיך ניט שלאָגן מיט היטלערן. זיי האָבן דערזען אַז זיי זיינען איזאָלירט. פראַנקרייך ווערט דערביי אומבאַשיצט.

16) דעם 16-טן מאַי, 1936 איז פאָרגעקומען דער פראַנקאָ-אויפשטאַנד אין שפּאַניע. דאָס איז געווען אַ פאַשיסטיש-דיקטאַטאָרישער אויפשטאַנד פאַבריצירט און באַוואָפנט דורך היטלערן אפילו מיט היטלערישע לופט-שיפן און פליער. ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבן ניט דערלאָזט, אַז די פעלקער-ליגע זאָל העלפן שפּאַניע, וואָס איז געווען אַ מיטגליד פון דער ליגע. זיי האָבן גע-בונדן די הענט פון דער שפּאַנישער פאָלקס-רעגירונג און האָבן פראָקלאַמירט אַן עמבאַרגאָ אויף שיקן געווער צו די לאָיאַליסטיש-דעמאָקראַטישע קעמפער. אין דער צייט וואָס די גאַנצע נאַצי-מאַשין האָט זיך געשטעלט אין דינסט פון

פראַנקאָן. אפילו קיין מעדיצין און שפייז האָט מען ניט דורכגעלאָזן פאַר די די לאָיאַליסטישע כוחות.

די פאַרוואונדעטע קעמפער האָט מען ניט אריינגעלאָזן קיין פראַנקרייך. אַמעריקע האָט אויך געשטיצט די עמבאַרגאָ. דורכדעם האָבן זיי ניט נאָר חרוב געמאַכט שפּאַניע, זיי האָבן דורכדעם אויך געשטעלט אין געפאַר דעם קיום פון פראַנקרייך גופא. כאָכן זיג פון פאַשיזם האָט פראַנקרייך געהאַט פאַר זיך היטלערס מחנות פון ביידע זייטן. די שפּאַנישע אינדזלען און די ברעגן זיינען געוואָרן גוטע באַשיץ פונקטן פאַר דייטשע סובמאַרינען און קריגסשיפן. עס האָט אויך אָפגעשוואַכט די ענגלישע פּאָזיציע. דער ענגלי־שער „לאיף־לאין" (לעבנסוועג) איז געווען אין געפאַר איבערגעריסן צו ווערן ביים גיבראַלטאַר און אין מיטלענדישן ים. (עס זעט אויס אַז די ליבע צום פאַשיזם האָט ביי זיי איבערגעוואויגן די טרייקייט צום פאָטערלאַנד).

אין דער זעלבער צייט ווען היטלערס אַרמייען האָבן אַריינגעמאַרשירט אין ריינלאַנד האָבן די אי גע פאַרבן באַקומען קרעדיטן אין צוויי לאָנדאָנער באַנקען.

16) אין מאי 1937 האָט לאָרד לעיטאָן באַזוכט צום צווייטן מאָל היטלערן און אים געמאָלדן אַז ענגלאַנד האָט ניט קיין באַזונדערע אינטערעסן אין מזרח־אייראָפּע.

17) מאי, 1937 ווערט געוויל טשעמבערלעין פריים מיניסטער פון ענגלאַנד. באָלדווין איז געווען צוגונסטן „אַפּיזמענט". טשעמבערלעין איז געווען באַ־שלאָסן עס דורך פירן.

18) דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר אין בערלין הענדערסאָן האָט געזאָגט דעם אַמעריקאַנעם אַמבאַסאַדאָר דאָד, אַז היטלער מוז באַהערשן דעם דונאַי־באַלקאַן געגנט. דאָס מיינט באַהערשן די וועלט. ענגלאַנד און דייטש־לאַנד מוזן קומען אין נאָענטע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַציאונגען און אַזוי אַרום קאָנטראָלירן די וועלט.

19) דעם 10טן נאָוועמבער, 1937 האָט האַליפאַקס באַגעגנט היטלערן אין בערטעכסגאַדן. דעם 13־טן פעברואַר, 1938 איז שושניק אויפגעפאָדערט

געוואָרן צו קומען צו היטלערן. דעם 12־טן מערץ, 1938 איז עסטרייך פאַרנומען געוואָרן פון היטלערס האָרדעס.

20) דעם 17־טן מערץ, 1938 האָט ליטווינאָוו דערקלערט פאַר דער פרעסע, אַז דער סאָוועטן־פאַרבאַנד איז גרייט צו קאָאָפּערירן אין יעדער אַקציע וואָס וועט באַקעמפן אַגרעסיע. האַליפאַקס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו קאָאָפּערירן מיט אַ פראַנצויזיש־סאָוועטישן בונד. דעם 30־טן סעפּטעמבער איז אונטערגעשריבן געוואָרן דער מינכענער פאַקט און דעם 15־טן מערץ האָבן היטלערס אַרמייען אַריינגעמאַרשירט אין באָהעמיע און מאַראַוויע.

21) דעם זעלבן 15־טן מערץ האָבן ענגלישע און דייטשע אינדוסטריעלער אונטערגעשריבן אַ ציטווייליקן אָפּמאַך.

22) דעם 16־טן אַפּריל האָט דער סאָוועטישער אויסערן מיניסטער איינגעלאַדן דעם ענגלישן פאַרטרעטער און אים פאָרגעשלאָגן אַן אָפּמאַך פון געמיינשאַפטלעכער פאַרטיידיקונג צווישן ענגלאַנד, פראַנקרייך און דעם סאָוועטןפאַרבאַנד. די ענגלישע רעגירונג האָט ניט געענטפערט ביז דעם 8־טן מאַי און דאַן איז דער פאָרשלאַג אָפּגעוואָרפן געוואָרן (שירער, זז. 479־481).

23) גענעראַל יאָדל האָט עדות געזאָגט אויפן נירעמבערגער פּראָצעס, „אויב מיר האָבן ניט צוזאַמענגעבראָכן אין 1939 איז דאָס געווען דערפאַר וואָס בעת מיר זיינען באַפאַלן פוילן זיינען אין מערב געשטאַנען 110 ענגלישע און פראַנצויזישע דיוויזיעס און פולשטענדיק ניט געווען אַקטיוו קעגן 23 דייטשע דיוויזיעס (שירער, דאָרטן, זז. 635).

24) היטלער האָט פאַרזיכערט דעם איטאַליענער סיאַנאַ אַז ענגלאַנד און פראַנקרייך וועלן ניט גיין אין קריג (שירער, דאָרטן זז. 509).

25) אין מינכען האָט דער מערב אַוועקגעגעבן פוילן היטלערן מיטן גוטן ווילן. זיי האָבן געוואוסט אַז נאָך טשעכאָסלאָוואַקיע וועט קומען פוילן און זיי וועלן זיין מאַכטלאָז זי צו ראַטעווען (פלעמינג, דאָרטן, זז. 246).

26) ענגלאַנד האָט אַנטזאָגט וויזעס פאַר די סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון סודעטן לאַנד. פילע פון זיי זיינען אומגעקומען אין די נאַצישע קאָנצענ־

טראַציע־לאַגערן. די וואָס זיינע אַנטלאָפן קיין פראג זיינע אָפגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד (אין בוך „די אָפיזערס״, ענגליש, זז. 185). ענגלאַנד האָט מיטגעהאָלפן אין דער אויסראָטונג פון דער אינטעליגענץ.

27) „מיר האָבן אויסגעהערט אַ פאַרשטייער פון די יידן אין סלאָוואַקיי. ער האָט געזאָגט: „איר מוזט פאַרשטיין, אַז פילע פון אונדז זיינען אַנטוישט אין דער דעמאָקראַטיע. אין 1942 זיינען מיר געווען די ערשטע וואָס האָבן צו וויסן געבן לאָנדאָן וואָס עס קומט פאָר אין אוישוויץ, אָבער לאָנדאָן האָט אונדז ניט געוואָלט גלויבן. יידן זיינען טראַנספּערירט געוואָרן קיין אוישוויץ און זיינען דאָרטן פאַרברענט געוואָרן. ווען אונגאַרן האָט נאָך אַלץ געשיקט יידן אין אוישוויץ האָבן מיר ווידער אַפּעלירט. מיר האָבן זיי איבערגעשיקט אַ מאַפּע פון די אייזנבאַנען וואָס פירן די יידן אין דעם טויט־לאַגער און נאָך אינפאָרמאַציע. מיר האָבן געבעטן דאָס מיליטער זאָל באָמבאַדירן די אייזנבאַנען און אויך די לאַגערן וואו טויזנטער יידן זיינען פאַרגאַזט געוואָרן, אָבער זיי האָבן ניט באָמבאַדירט... (קראָם, הינטערן זיידענעם פאָרהאַנג, זז. 119).

היוצא מדבריבו —

די שוועריקייטן פאַרן פראָפיט־סיסטעם האָבן זיך ניט געענדערט און ניט געענדיקט. דאָס מיינט, אַז דערוויל וועלן אָנגיין די זעלבע קאָלאָניאַלע באַהערשונג, געוויס באַהאַלטן אונטער אינערלעכע דיקטאַטאָרן. דאָס מיינט, אַז זיי וועלן ווייטער בויען נאַצישע פאַשיסטישע ארמייען, זיי וועלן ווייטער אויסהאַלטן מעקאַרטישע גרופּן פון בויאַנעס שלעגער, אַז אַנטיסעמעטיזם וועט פאַרשטאַרקט ווערן. די גרויסע מאַגנאַטן וועלן האָבן ספּעציעלע פאָנדן צו פאַרשפּרייטן רייסערייען, פעלקער־צעשפּליטערונג, אַטאַקעס אויף מדינת ישראל, צעשטערן אַרבעטער פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אונטערקויפן באַ־אַמטע, אַז זיי זאָלן צעשטערן דעמאָקראַטישע פאָלקס־רעגירונגען (ווער האָט אויסגעמאָרדעוועט הונדערטער טויזנטער מענטשן אין איין קליינער צייט אין אינדאָנעזיע. עס האָט געמוזט געפּלאַנירט ווערן מאָנאַטן און אפשר יאָרן פריער).

אָבער די וואָגשאָלן וועלן זיך שאָקלען אַהין און אַהער. מיט יעדן יאָר וועלן

ווערן די פאָלקס־כוחות גרעסער, דערפאַר וואָס די סאָציאַליסטישע לענדער פאַרגרעסערן זייער פּראָדוקציע און די ערשט באַפרייטע לענדער סטאַביליזירן זייער עקאָנאָמיע אַזוי אַז די קאָנקורענציע אויפן וועלט מאַרקעט ווערט פאַרגרעסערט, די קויף־קראַפט ווערט פאַרהעלטנמעסיק קלענער.

אַזוי איז דער סוף פון דער מאָנאָפּאָל־קאַפּיטאַליסטישער וועלט דערנעענטערט זיך.

# מדינת ישראל
# איר אויסערליכע דיפּלאָמאַטיע
# איר זיכערקייט

די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע פון מדינת ישראל איז אַ וויכטיקע פּראָבלעם. צוליב דעם מוזן מיר פריער אויספאָרשן איר געשיכטע, ניט אַזוי צוליב ריינעם טעאָרעטישן וויסן, וואָס איז אויך וויכטיק, נאָר צוליב פּראַקטישע צוועקן.

עס דאַרף אונדז אָנווייזן די פּערספּעקטיוון, די אויסזיכטן פאַר ישראל׳ס ווייטערדיקן קיום. דער עבר דאַרף אונדז דינען אָנצווייזן דעם עתיד.

פריער וועגן ענגלאַנד׳ס שטעלונג צו ישראל.

גרויס בריטאַניע האָט פּראָקלאַמירט די באַלפור־דעקלעראַציע, צוגעזאָגט פּאַלעסטינע אַלס היימלאַנד פאַר יידן ווען פּאַלעסטינע איז נאָך געוועזן אין טערקייס רשות. ווי די מלחמה האָט זיך געענדיקט האָט זי אָנגעהויבן נעגירן, צונישט מאַכן איר צוזאָג. זי האָט אָפּגעריסן דעם עבר הירדן פון ישראל ,זי האָט דאָרט באַשאַפן אַ קעניגטום, אַרויפגעזעצט אַ הערשערל, מיט אים געמאַכט אַן אָפּמאַך אויסצובילדן און אויסמושטירן פאַר אים אַן אַרמיי מיט ענגלישע פינאַנסן, געווער און אָפיצירן. זי האָט געמאַכט אַ בונד מיטן הערשערל, פון איר אַליין באַשטימט, צו באַשיצן זיין מלוכה׳לע קעגן פרעמדע און קעגן אייגענע אַראַבער וואָס האָבן וויניק חשק צו האָבן איבער זיך אַ קעניגל.

נאָכן באַשלוס פון דער „יו־ען״ צו צעטיילן פּאַלעסטינע אויף צוויי טייל האָט שוין ענגלאַנד, אַן קיינעמס עצה, איבערגעגעבן דעם אַראַבישן טייל פון פּאַלעסטינע דעם קעניגל פון עבר הירדן.

דער ערשטער ענגלישער נציב, סעמועל, אַ ייד, האָט באַשטימט אַ באַוואוסטן קעגנער פונעם יידישן ישוב אַלס מופטי פון ירושלים.

באַלד האָט ענגלאַנד באַגרענעצט יידישע עמיגראַציע אין הייליקן לאַנד, פאַרווערט יידן קויפן לאַנד אין פּאַלעסטינע און האָט אַלץ געטאָן צו שטערן דעם יידישן וואוקס אין לאַנד. מיט איר ברכה האָט איר באַשטימטער מופטי אָרגאַניזירט בלוטיקע פּאָגראָמען קעגן דער יידישער אומבאַשיצטער באַפעלקערונג. ענגלאַנד האָט אפילו געשטערט דער יידישער באַפעלקערונג צו אָרגאַניזירן זעלבסט־שוץ גרופּן 1, 2, 3).

ווען די פאַראייניקטע פעלקער האָבן געשטימט צעטיילן פּאַלעסטינע און גרינדן אַן אומאָפּהענגיקע מלוכה אין איין טייל, האָט די בריטישע רעגירונג ניט געלאָזן קיין געלעגנהייט פאַרן יידישן ישוב איינצושטעלן אַן אַפּאַראַט כדי אָנצוהאַלטן אָרדנונג אין לאַנד און מיט דער ענגלישער ברכה זיינען אַלע שכנישע אַראַבישע מלוכות באַפאַלן דאָס יידישע לאַנד מיטן ציל „לעקור את הכול״, אויסצורייסן דעם יידישן ישוב מיטן וואָרצל. 9, 8, 7, 6, 5).

וואָס איז געווען די שטעלונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן ?

ביז אַ געוויסער מאָס זיינען ענגלאַנדס האַנדלונגען אַ רעזולטאַט פון אַמעריקעס שטעלונג. זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה, באַזונדערס נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט ענגלאַנד פאַרלאָרן איר פרייהייט פון אַקציע. שטילערהייט וואַרפט זי זיך אונטער אַמעריקאַנער עצות און טאַקטיק. ענגלאַנדס אַקציעס זיינען פּאַקטיש נאָכן אַמעריקאַנער וואונטש. דעם 7־טן יאַנואַר, 1946 האָט אַן ענגליש־אַמעריקאַנער אונטערזוכונגס־קאָמיסיע אָנגעהויבן פאַרשונגען וועגן פּאַלעסטינע. פריער אין וואַשינגטאָן דערנאָך איז די קאָמיסיע אַרויסגעפאָרן אין אַנדערע פּונקטן. ס'איז כדאי צו זען וואָס מר. באַרטלי קראָם, איינער פון דער קאָמיסיע, האָט געזאָגט אין זיין בוך „אונטערן יידענעם פאַרהאַנג״ (אין ענגליש).

קראָם באַווייזט, אַז די אַמעריקאַנער מיטגלידער פון דער קאָמיסיע זיינען פּאַקטיש באַאויפטראָגט געוואָרן צו האַנדלען קעגן די אינטערעסן פונעם יידישן ישוב.. 10, 11, 12, 13).

שוין באַלד נאָך דער אָפּשטימונג אין דער „יו־ען״ אָפּצוטיילן אַ שטיק פּאַלעסטינע פאַר אַ יידישער מלוכה, וואו די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן אויך געשטימט פאַר דעם, האָט טרומאַן און דער סטעיט דעפּאַרטמענט חרטה געהאַט און געטאָן אַלץ אין זייער מעגלעכקייט צוריקרופן דעם באַשלוס וועגן צעטיילונג און שטעלן גאַנץ פּאַלעסטינע אונטערן בריטישן מאַנדאַט

אָדער אונטער דער אויפזיכט פון דער „יו־ען". די „יו־ען" האָט נידער־געשטימט דעם פאָרשלאַג פון אַמעריקע אונטערן איינפלוס און שטאַרקן פּראָטעסט פונעם סאָוועטן־פאַרבאַנד.

ביז דער לעצטער מינוט האָט די טרומאַן־אַדמיניסטראַציע געזוכט ניט צו דערלאָזן די פּראָקלאַמירונג פון אַ יידישער מלוכה. פאָרשטייער פון סטעיט־דעפּאַרטמענט האָבן פאָרגעשלאָגן משה שערטאָקן (שרת, וואָס איז דאַן געווען אין אַמעריקע) אַ ספּעציעלע לופטשיף־רייזע קיין ישראל כדי ער זאָל אַהין ברענגען די עצה פון וואַשינגטאָן מען זאָל דערוויל אָפּלייגן די פּראָקלאַמירונג פון דער מדינה. (14־28).

ווען די ישראל־פאָרשטייער האָבן ניט אָנגענומען די אַמעריקאַנער עצה און האָבן פּראָקלאַמירט אַ יידישע מלוכה, זיינע פינף אַראַבישע מלוכות באַפאַלן דעם יידישן ישוב און אַריינגעדרונגען אין דעם יידישן טייל פון פּאַלעסטינע (30־29).

טרומאַן האָט דעמאָלט אַרויסגעוויזן זיין גרויסן אינטערעס אין ישראל און האָט פּראָקלאַמירט אַן עמבאַרגאָ אויף יעדער הילף פאַר מדינת ישראל. טרומאַן האָט אַזוי אַרום געהאָפט פּטור צו ווערן פון ישראל מיט איין מאָל, ווייל די אַראַבישע אַרמייען זיינען געווען גוט באַוואָפנט און דער ישוב האָט געזאָלט בלייבן אינגאַנצן אָן געווער.

נאָר אַדאַנק דעם גרויסן מסירת־נפש פונעם יידישן ישוב און אפשר אויך אַדאַנק דער גלייכגילטיקייט פון די אַראַבישע מאַסן, וואָס האָבן געהאַט ווייניק חשק צו קעמפן פאַר זייערע עפענדיס, און אויך דערפאַר ווייל די הערשער פון די אַראַבישע פעלקער זיינען צעטיילט און פול מיט קנאה איינער אויפן אַנדערן (ענגלאַנד און אַמעריקע האָבן געהאָלפן שאַפן אַזאַ לאַגע) און ענדלעך צוליב דעם — און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע — וואָס די סאָציאַליסטישע לענדער האָבן פאַרקויפט צו ישראל געווער און פאַר זיי דערמעגלעכט צו קריגן וואָפן, איז ישראל ניצול געוואָרן פון פולשטענדיקער פאַרניכטונג. דאָס זיינען היסטאָרישע פאַקטן!

וואָס זיינען די סיבות פון זייער שנאה צו דער מדינה? האָט זיך די לאַגע געביטן? אָדער די סיבות זיינען געבליבן?

אַט־די קאַרדינאַלע פראַגן זיינען וויכטיק פאַרן קיום פון מדינת ישראל.

מיר קאָנען אָנווייזן אויף די פאָלגנדיקע סיבות:

1) עקאָנאָמישע אורזאַכן:

די קאַפּיטאַליסטישע גרויס מאַכטן זיינען פאַראינטערעסירט אין אָנהאַלטן און פאַרשטאַרקן די פּראָפיטן פון זייערע פינאַנסירן צוליב דעם זוכן זיי שטאַרק אָנצוהאַלטן אין די אָפּגעשטאַנענע לענדער דעם פעאָדאַלן סיסטעם ווי לאַנג מעגלעך. אַמעריקאַנער פינאַנץ־מאַגנאַטן האָבן אינוועסטירט אין די אויל־קוואַלן פון מיטעלן מזרח אָנדערהאַלבן ביליאָן דאָלאַר און זייער ריינע הכנסה איז אַ פּראָפיט פון אַ ביליאָן דאָלאַר אַ יאָר זייער פאַרמעגן איז מער געזיכערט ווען די באַפעלקערונג איז דאָרט אָפּגעשטאַנען און זיי קאָנען פירן זייערע פאַרהאַנדלונגען מיט שעיכס און עפענדיס.

אַ שכניש לאַנד, וואָס איז אינדוסטריעל אַנטוויקלט ווירקט מיט איר עצם עקזיסטענץ אויפצוועקן די איינוואוינער פון די אָפּגעשטאַנענע לענדער. זיי ווייסן אַז די באַפעלקערונג איז איצט אויך אויפגעבראַכט קעגן זייערע פעאָדאַלע הערשער. די באַפעלקערונג פאָדערט מען זאָל צעטיילן די ערד צווישן די פויערים און נאָך פילע רעפאָרמען אַ יידישע מדינה פון הויכן סטאַנדאַרד און בילדונג וועט אומפאַרמיידלעך פאַנאַנדערבלאָזן דעם פלאַקער וואָס וועט אומברענגען דעם פעאָדאַליזם.

אַט וואָס יאַן סי קעמפּבעל שרייבט אין זיין בוך „שוץ אין מיטעלן מזרח" (ענגליש) .„מיט דער פאַרגרעסערטער מאַכט פון די מיטעלע און פּראָפעסיאָנעלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג איז פיל שווערער צו פאַרהאַנדלען ווי מיט די שעיכס, פּאַשאַס און בעיס, וואָס זיינען פיל גרינגער צו קאָנטראָלירן און אויף וועמען זיי האָבן זיך ביז איצט פאַרלאָזן".

מיט זיינע ווערטער, מילד גערעדט, פאַרשטעלט קעמפּבעל מער ווי ער זאָגט. אין דער אמת'ן מיינט דאָס אַז עס איז פאַראַן אַ שותפות צווישן די הערשער פון די אימפּעריאַליסטישע מלוכות מיט די פּרינצן — הערשער און עפענדיס פון די קאָלאָניאַלע לענדער.

ווען דאָס פאָלק באַפרייט זיך פון זיינע פעאָדאַלע הערשער באַפרייט ער זיך אויך פון זיינע אימפּעריאַליסטישע הערשער. אַ יידישע מדינה וועט געוויס ווירקן אויף נייע אויפברויזן אין די לענדער. עס ברענגט אַריין

קולטור אין די אַראַבישע מיטעלע און פּראָפּעסיאָנעלע שיכטן. עס צעשטערט די זיכערקייט פון די אַראַבישע פעאָדאַלע הערשער און דאָס לוינט זיך ניט די אַמעריקאַנער פינאַנסירן. אַמעריקאַנער אינטערעסן אין זייער אויל זיינען גרויס, אויסער דעם דאַרפן זיי מאַרקן (מאַרקעטס) פאַר אַמעריקאַנער פּראָדוקטן און פאַר אַריינקריגן אַנדערע רוי־מאַטעריאַלן פאַר שפּאָט־ביליק (37־).

דער סטעיט־דעפּאַרטמענט וואָס איז פאַראינטערעסירט אין די פּראָפיטן פון אונדזערע מאָנאָפּאָל־פינאַנסירן איז דערפאַר קעגן ישראל, וואָס שטעלט אין געפאַר די גאַנצע געביידע פון קאָלאָניאַלער באַהערשונג אינעם נאָענטן מזרח.

האָט זיך עפּעס געביטן? — ניין!

עס קומען פאַר ענדערונגען אין די אַראַבישע לענדער אָבער נאָר עוואָלוציאָנערע, ניט קיין רעוואָלוציאָנערע. די אָרטיקע פריצים פירן אַן פּראָפּאַגאַנדע קעגן ישראל, כדי זייערע בירגער זאָלן פאַרגעסן צו קעמפן קעגן זיי גופא... ס'איז דערפאַר אין די אינטערעסן פון מדינת ישראל זיך אידענטיפיצירן מיט די אַראַבישע פויערים אַרבעטער און מיטל־קלאַס, וואָס באַקעמפן זייערע פריצים און וואָס זיינען ניט פאַראינטערעסירט אין פאַרניכטן ישראל און אויך צוליב דעם אַלטן כלל „מיין שונאס שונא איז מיין פריינט".

ישראל דאַרף זיך האַלטן פון דער ווייטנס פון די בעלי טובות וואָס שטיצן די עפענדיס. די ישראל רעגירונג איז, ליידער, ניט ווייטזעענדיק גענוג. זי האָט ניט געלערנט פון דער געשיכטע.

ס'איז דאָ אַ צווייטע וויכטיקע סיבה — די סטראַטעגיש־געאָגראַפישע. וועגן דעם־שפּעטער.

וואָס פאַר אַ שטעלונג האָט דער סאָוועטן־פאַרבאַנד צו מדינת ישראל?

לויט דעם שכל הישר האָט דער סאָוועטן פאַרבאַנד געדאַרפט זיין מער ווי פריינטלעך צו מדינת ישראל. יעדער כוח וואָס שוואַכט אָפּ דעם אימפּע־ריאַליסטישן לאַגער, צעשטערט די איבערהערשאַפט פון גרויס־קאַפּיטאַל, פאַרגרעסערט די זיכערקייט און די אַנטוויקלונגס מעגלעכקייטן אין די סאָציאַליסטישע דאָס איז טאַקע די סיבה פאַרוואָס די סאָציאַליסטי־שע לענדער האָבן געשאַפן די מעגלעכקייט פאַר ישראל, ווען ישראל האָט געקעמפט פאַר איר קיום. די פריינטשאַפט פון די סאָוועטן מיט ישראל האָט

אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן און איז פיל שוואַכער געוואָרן. וואָס איז די סיבה?

מיר ווען עס פאַרשטיין, ווען מיר וועלן באַטראַכטן די געאָגראַפישע פּאָזיציע פון ישראל און פון גאַנצן מיטעלן מזרח.

מדינת ישראל מיט איר ברעג ביים מיטלענדישן ים איז אַ באַקוועמע פּאָזיציע פונוואַנען צו אַטאַקירן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. דער ברעג פונעם ים איז אַ באַקוועמע באַזע פאַר קריגס־שיפן און אונטערוואַסער־שיפן וואו זיך צו באַשיצן, זיך אָנלאָדן מיט שפייז, אויל, וואַסער און אַנדערע מאַ־טעריאַלן. אַן אָרט פון דאָרטן צו שפּיאָנירן און אַטאַקירן דעם דורכגאַנג פונעם שוואַרצן ים, די דאַרדאַנעלן און סועץ קאַנאַל. דאָס מיינט איבערשניידן קאָמוניקאַציעס מיטן מיטלענדישן ים און מיטן פּאַציפישן אָקעאַן, ניט דערלאָזן קיין אויל פון די מיטל־מזרח קוואַלן צו דערגרייכן דעם סאָוועטן פאַרבאַנד און אירע שותפים. פון דאָרט קאָן מען באָמבאַדירן די אוקראַינע, צעשטערן די אויל קוואַלן פון באַקו און באַטום און אפילו באָמ־באַרדירן קאַזאַכסטאַן אין צענטראַל אַזיע און איבעררייסן דעם טראַנס־סיבירער אייזנבאַן.

מיטן איין וואָרט: דער מיטעלער מזרח איז וויכטיק פאַר אַמעריקע און אירע פאַרבינדעטע אַלס אַגרעסיע־פּונקט קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד אין דער קאַלטער מלחמה. נאָך וויכטיקער אויב עס זאָל קומען צו אַ הייסן קריג. דאָס מיינט, אַז עס איז צען מאָל וויכטיקער פאַרן סאָוועטן־פאַרבאַנד זיך צו באַשיצן קעגן אַגרעסיע. עס פאַרשטייט זיך, אַז פון דעם שטאַנדפּונקט וועט זיך דער סאָוועטן־פאַרבאַנד ניט אָפּשטעלן פאַר קיין זאַך כדי צו קריגן דעם מיטעלן מזרח אויף זיין זייט. זעלבסט־באַשיצונג איז דער געבאָט פון לעבן. (38־39־40).

זעלבסט פאַרשטענדלעך, אַ ישראל קאָן נאָר דעמאָלט עקזיסטירן אויב זי וועט זיין אינגאַנצן נייטראַל.. עס איז אָבער ניט אַזוי.

די ישראל רעגירונג איז אידענטיפיצירט מיטן מערב אין דער קאַלטער מלחמה. מער ווי דאָס: בן גוריון האָט ניט דורכגעלאָזן קיין געלעגנ־הייט צו אַטאַקירן און באַשמוצן דעם סאָוועטן פאַרבאַנד. ער האָט זיך אפילו ניט גערעכנט מיט די אינטערעסן פון די סאָוועטישע יידן. זיינע פילע אַרויס־טרעטונגען און זיינע פאָדערונגען, אַז דער סאָוועטן־פאַרבאַנד זאָל אַרויס־לאָזן די יידן פון סאָוועטן פאַרבאַנד קיין ישראל זיינען חוצפּהדיק און באַריש.

די סאָוועטישע יידן האָבן אים ניט געבעטן און זיינען אים מוחל די בערישע טובה. דאָס מיינט דאָך זיך פאַררעכענען אַלס צווייט־קלאַסישע בירגער פון אַ לאַנד וואו זיי וואוינען און דאַרפן האָבן די זעלבע פליכטן און די זעלבע פריווילעגיעס ווי אַלע בירגער בן גוריון האָט אויך דערקלערט, אַז די אַמעריקאַנער יידן זיינען דאָ פרעמדע אַז זייער אָרט איז אין ישראל. די אַמעריקאַנער ציוניסטן האָבן אים פאַרמאַכט דאָס מויל. ווען די סאָוועטישע יידן האַלטן זיי, אדרבה ואדרבה. ס'איז דאָך אַ מצוה אַרויסצוהעלפן דער קאַלטער מלחמה און זינגען מה־יפית פאַר די אַמעריקאַנער געלט־זעק.

דער קאַמף פאַרן מיטעלן מזרח גייט אָן און וועט אָנגיין אַ לאַנגע צייט. (37-43).

די עפענדיס, די פאַשאַס, די בעיס וואָס ווילן אָנהאַלטן זייערע אומגעהויער גרויסע פאַרמעגנס וועלן זוכן די שטיצע פון די רייכע מאַגנאַטן־פינאַנסירן. די, פויערים וועלן זוכן צו קאָנפיסקירן די ערד, די מיטעלע קלאַסן וועלן זוכן אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג און זיי וועלן זיך אידענטיפיצירן מיט די סאָציאַליסטישע לענדער. אַנדערע שטראָמען און אונטער־שטראָמען וועלן זיך אַריינמישן. איין זאַך איז זיכער, אַז ישראל איז אין געפאַר.

מה נעשה לאחותינו ביום שידובר בה?

וואָס וועט ישראל טאָן, ווען, חס ושלום, אַ קאַמף וועט אויסברעכן צווישן מזרח און מערב? דער מערב איז ניט אינטערעסירט אין אָפּהיטן די יידישע מדינה. זיי האָבן דעמאָקראַטיע ליב ווי אויגן־ווייטאָג. דער מזרח דאַרף צעשטערן דעם יידישן ישוב כדי זיך אליין צו באַשיצן. די אַראַבישע באַפעלקערונג איז קעגן דער מדינה, וואו וועט ישראל געפינען דעם אויסוועג? עס איז דאָ איין אָפענער וועג, דאָס איז „השיבנו נאַזאַד", פולשטענדיקע נייטראַליטעט און זיך אידענטיפיצירן מיט דעם אַרבעטער־טייל פון דער אַראַבישער באַפעלקערונג.

.אַבסאָלוטע נייטראַליטעט —

איז אויך נויטיק אין פרידלעכע צייט, צוליב עקאָנאָמישע חשבונות. די גרויסע און הויך־אַנטוויקלטע לענדער וועלן קיינמאָל ניט זיין קיין גוטע קונים פון ישראל פּראָדוקטן. זיי קאָנען פּראָדוצירן ביליקער ווי די נייע קליינע אינדוסטריע פון ישראל. ישראל דאַרף אַריינקריגן אויסערלעכע מאַרקן. זי קאָן ניט פירן קיין דאָלאַר דיפּלאָמאַטיע. מיט די סאָציאַליסטישע

לענדער וועלן אָבער ישראלס פאַרבינדונגען זיין שוואך, ווי לאַנג זי אידענ־טיפיצירט זיך מיט זייערע שונאים. די שוואַך־אַנטוויקלטע לענדער, יענע, וואָס זייַנען ערשט ניט לאַנג צוריק באַפרייט געוואָרן פון זייערע קאָלאָניאַלע אויבער־הערשער, און לאַגיש דאַרפן זיי זיין גוטע קונים (קויפער), וועלן אויך אויסמיידן אויסצוברייטערן זייער מסחר מיט ישראל ווי לאַנג ישראל וועט זיך צופיל פריינדלען מיט די לענדער פון אימפּעריאַליזם. דערפאַר איז נייטראַליטעט אויך אַן ענין פון עקאָנאָמישער נויטווענדיקייט. אגב איז עקאָנאָמישע אינוועסטירונגען פון גרויס־קאַפּיטאַליסטישע לענדער בכלל ניט געוואונטשן. ערשטנס ווייל זייערע פּראָפיטן זיינען צו גרויס, זיי שלעפּן אַרויס צופיל געלט פון לאַנד (קיין איין געוועזן קאָלאָניאַל לאַנד שטייט נאָך ניט אויף אירע אייגענע פיס). צווייטנס, זייַנען זיי ניט פאַראינטערעסירט אינעם אויפבוי פון לאַנד. זייער פאַרמעגן ווערט אויסגענוצט אין ספּעקולאַציע־אונטערנעמונגען, וואו דער פּראָפיט איז גרעסער און דאָס אַריינברענגען אויס־געאַרבעטע פּראָדוקטן פאַרקלענערט די אַרבעט־פעאיקייטן אין לאַנד גופא און שאַפט אַרבעטסלאָזיקייט.

מדינת ישראל נויטיקט זיך אין נייטראַליטעט און דעמיליטאַריזאַציע און דער עיקר אין שלום.

עס איז וויכטיק אונטערצושטרייכן אַז דער סאָוועטן פאַרבאַנד האָט פאָרגעשלאָגן די דעמיליטאַריזאַציע פון נאָענטן מזרח און אַמעריקע האָט דעם פאָרשלאַג צוריקגעוויזן. 45).

דער מיטעלער מזרח איז אַ גינסטיקער אָרט פון וועלכן מען קאָן אָנפירן מיט אַגרעסיע קעגן סאָוועטן־פאַרבאַנד. סאיז אָבער צו וויט פון אַמעריקע און ענגלאַנד. ס'איז ניט מעגלעך צו אַטאַקירן אַמעריקע אָדער ענגלאַנד פון דאָרטן. באַשטימען דעם מיטעלן מזרח אַלס אַ נייטראַלע דע־מיליטאַריזירטע זאָנע מיינט מאַכן אוממעגלעך די געגנט פאַר אַן אָרט פון אָנגריף. דער מערב וויל אָבער האָבן וואָס מער באַזעס כדי צו אַטאַקירן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד.

די צווייטע וויכטיקע פראַגע פאַר מדינת ישראל איז אירע באַציאונגען מיט די אַראַבישע שכנים.

די אַראַבישע הערשער, שעיכס און עפענדים, געשטיצט פון די אימ־

פּעריאַליסטישע הערשער מוזן בלייבן שונאים פון ישראל כדי אָפּציען דעם פאָלקס צאָרן קעגן זיי אַליין. די אַראַבישע פעלקער אָבער, וואָס קעמפן קעגן זייערע הערשער, זיי דאַרפן און וועלן ווערן פריינט פון ישראל. די הערשער פון יענע אַראַבישע לענדער וואו פעאָדאַליזם איז אָמערסטנס, זיי ווילן און זיינען די שטאַרקסטע שונאים פון ישראל. ס׳איז דערפאַר ניט געווען קלוג מצד דער ישראל רעגירונג ווען זי האָט זיך באַפריינדעט מיט פראַנקרייך און געשטיצט דעם פראַנצויזשן אימפּעריאַליזם אין אַלזשיר.

די אַטאַקע אויף מצרים אינאיינעם מיט ענגלאַנד און פראַנקרייך איז געווען ניט נאָר נאַריש נאָר אויך פאַרברעכעריש. מצרים, וואָס איז ווייניק באַהערשט פון עפענדים, האָט אויך ווייניקער גרונט צו זיין קעגן ישראל. אין איר קאַמף אָפּצונעמען דעם סועץ־קאַנאַל פון די פרעמדע באַהערשער, ווען ישראל איז מיטגעגאַנגען מיט די הערשער האָט זי נאָכמער פאַרשטאַרקט די שנאה פון די אַראַבישע פעלקער־שכנים.

דאָס איז אויך קעגן ישראלס אייגענע אינטערעסן. ס׳איז געזינטער פאַר ישראל צו האָבן די שוואַכערע מצרים אַלס שכן איידער די שטאַרקע ענגלאַנד. פראַנקרייך און ענגלאַנד וועלן סוף־סוף רייצן די עגיפּטער אויף ישראל כדי אָפּצווענדן דעם צאָרן פון די עגיפּטער קעגן זיי אַליין.

פאַראַן פאַר דעם אַ ביישפּיל אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע. ווען נאַפּאָלעאָן האָט איבערגענומען די האַפן־שטאָט ניו אָרלינס פון די שפּאַניער, איז ווי לאַנג די שפּאַניער זיינען געווען די באַלעבאַטים פון ניו אָרלינס האָט זיי פּרעזידענט דזשעפערסאָן געדולדעט, נאָר ווי די שטאָט איז אַריבער צו די פראַנצויזן האָט דזשעפערסאָן געמאָלדן פראַנקרייך, אַז דאָס מיינט קריג מיט אַמעריקע. נאַפּאָלעאָן האָט דאַרום פאַרקויפט לואיזיאַנאַ צו די פאַראייניקטע שטאַטן (דער באַרימטער אָפּקויף פון לואיזיאַנא אין 1818) (46).

דער פאַרמעסט פון כוחות אין דעם מיטעלן מזרח איז ניט סטאַביליזירט. עס קומען פאַר אויסברוכן און איבעראַנדערשונגען. דער געראַנגל פונעם פאָלק קעגן די עפענדים נעמט אָן פאַרשיידענע פאָרמען. ס׳האָבן זיך דערוויל פאַרמירט צוויי קעגנזייטיקע לאַגערן: דער אַלטער פעאָדאַלער סיסטעם און דער נייער דעמאָקראַטישער. סאאודע־אַראַביע, וואו עס הערשט אַ זעלבסטהערשער, אַ מאַכאַרך, פאַרטרעט דעם פעאָדאַליזם און ער רופט, ווי דער פאַקטישער באַלעבאָס פון זיינע אונטערטאַנען, די

מאַכמעדאַנישע גלויביקע אין קריג קעגן יעדער איבעראַנדערשונג. מיט אים גייט מיט דער קעניג פון ירדן און די קלענערע לענדער, וואָס לעבן אויפן זכות פון דעם אויל, וואָס געפינט זיך אין זייער געגענט.

מצרים, סיריע און אפשר אויך איראַק, וואָס נויטיקן זיך אין אינדוסט־ריעלער אַנטוויקלונג, און זיינען דערפאַר קעגן עפענדיזם, געהערן צום אַנדערן לאַגער. וואַשינגטאָן שטיצט די עפענדישע הערשאַפט, דער אָנשפּאַר פון קאָלאָניאַליזם 47).

# באמערקונגען

1) ענגלאַנד, דער מופטי און די פּאָגראָמען.

„די ליבהאַרציקע איבערבעטעניש פון די ענגלענדער מיט די דייטשן האָט גיך פאַרכאַפּט אויך אַראַבער. אַראַבישע מנהיגים וואָס האָבן אָרגאַניזירט די בלוטיקע אומרוען... אויך אַראַבישע מנהיגים וואָס זיינען אַנטלאָפן פון לאַנד אין די מלחמה־יאָרן און האָבן מיטגעאַרבעט מיט היטלערן, האָבן זיך ווידער געלאָזט פילן אומעטום אין ישראל. די צוריקגעקומענע אַלחאַב, אַל־חורי, צובאַת אל־חדרה, דזשאמל אַל־חוסייני. אמת דער מופטי אליין האָט ניט זוכה געווען צו באַקומען דערלויבעניש אריינקומען אין לאַנד... אָבער ס'איז אים געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט אַנטלויפן און אָנקומען קיין מצרים, וואו דער מלך פאַרוק האָט אים העפלעך באַשיצט. אין משך פון אַ קורצער צייט האָט די השפּעה פון מופטי, דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר פון די אַנטי יידישע אומרוען און היטלערס פריינט בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה זיך ווידער געלאָזט פילן אומעטום אין ישראל (אפרים דקל, „געהיים דינסט פון דער הגנה, זז. 56).

2) דער ענגלישער ווייסער פּאַפּיר פּראָקלאַמירט דעם 17־טן מאי 1934 איז גוט באַוואוסט.

2) „אין 1941 איז דער מופטי אנטלאָפן קיין דייטשלאַנד. דאָרטן האָט ער

זיך גלייך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט זיין גאַנצער ווירקונגס־קראַפט, מען זאָל ניט געטאָאיזירן די יידן נאָר זיי אויסראָטן". באַווייזן וועגן דעם זיינען דאָ פאַר מיר. אין די דאָקומענטן געפינט זיך אַ בריוו פון מופטי צום דייטשן אויסערן־מיניסטער פאָן ריבענטראָפּ, דאַטירט יולי 1944,25, אין וועלכן ער באַקלאָגט זיך, אַז די דייטשן זיינען צו מילד צו יידן. אַנדערע בריוו פון מופטי ווייזן אַז ער האָט דערמוטיקט צו שיקן די אייראָפּייאישע יידן אין פוילישע אויסראָטונגס־לאַגערן. אין דעם 5־טן יוני, 1943 האָט דער מופטי פּראָטעסטירט צום בולגאַרישן מיניסטער פאַר דערלאָזן4000 יידישע קינדער אויסוואַנדערן פון בולגאַריע. זיין פּראָטעסט איז געווען דער־פאָלגרייך. מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט ער געשיקט אַ בריוו צו רומעניע וואו ער האָט פּראָטעסטירט קעגן דער אויסוואַנדערונג פון 1800 יידישע קינדער. דעם 3טן נאָוועמבער האָט דער מופטי ראַדיאָאירט איינע פון זיינע פּילע אַרויסטריטן. ער האָט געזאָגט: דער ווערסאַילער אָפּמאַך איז שלעכט פאַר די דייטשן און די אַראַבער. זיינען דערפאַר די אַראַבער די נאַטירלעכע פריינט פון די דייטשן און דער עיקר צוליב דעם וואָס די דייטשן האָבן גע־לייזט די יידן־פּראַגע" (קראָם, אונטערן זיידענעם פּאַרהאַנג, זז. 111־112).

3) דר. חיים ווייצמאַן האָט דערקלערט, אַז דער מופטי איז אַנטלאָפן פון ירושלים מיט דער הילף פון דער בריטישער אַדמיניסטראַציע (מיטל מזרח־טאָגבוך, ענגליש זז. 34). דעם 22טן מערץ, 1946 האָט ענגלאַנד אָפּ־געריסן דעם עבר הירדן ניט אָנפרעגנדיק ביי דער „יו־ען").

4) די באַציאונג און דער ווילן צו דערפירן דאָס לאַנד ישראל צו תוהו ובוהו מצד די ענגלענדער איז געקומען צום אויסדרוק אויף אַלע גע־ביטן. דעם 29־טן מאַי, למשל, האָבן דריי שיפן, וואָס האָבן געבראַכט הונדערט טויזנט טאָן לעבנס־מיטל און בוי־מאַטעריאַלן פאַרלאָזט דעם חיפה׳ער האַפן מיט דער סחורה, ווייל זיי האָבן ניט געוואָלט לענגער וואַרטן אויף דער ריי אויסצולאָדן די סחרוות (מלך נוי, „דאָס ערשטע און צווייטע יאָר", זז. 52).

5) די מיטאָג־צייטונגען, עטלעכע שעה פאַר דער פּראָקלאַמירונג פון דער מדינה האָבן געמאָלדן, אַז ענגלאַנד האָט זיך צוריקגעצויגן פון דער קאָמאַנדע איבער דעם אַראַבישן לעגיאָן און אַז ער איז איצט זעלבסט־שטענדיק אַראַביש. מען דאַרף געדענקען, אַז דער אַראַבישער לעגיאָן פון

עבר הירדן, וואָס ווערט אויסגעהאַלטן פון די ענגלענדער, ווערט אָנגעפירט און באַזאָרגט מיט געווער פון די ענגלענדער, איז פּאַקטיש די בעסטע באַוואָפנטע מיליטערישע פאָרמאַציע צווישן די אַראַבישע מיליטערישע כוחות (מלך ניי, דאָרט, זייט 22).

6) „איך האָב געזאָגט בן גוריונ׳ען, אַז אויל און יידן־שנאה דער־קלערט בריטאַניעס אויפפירונג און אַז געלט־אינטערעסן האָבן איבערגע־שטיגן יושר און פשוטן שכל" ( מיטל מזרח טאָגבוך, זז. 258).

7) „די מיטעלער מזרח אָפּטיילונג פונעם ענגלישן מיניסטעריום איז זיכער פיינטלעך צום ציוניזם" (דאָרטן, זז. 208).

8) „בריטאַניע האַלט נאָך אָן צושיקן מאָדערנע געווער צו די אַראַבישע שטאַטן פיל מער וויפל עס פאָדערט זיך פאַר זייער אינערלעכער זיכערקייט" (דאָרטן, זז. 255).

9) „יוני 16, 1946. די פאָרשטייער פון אינדיע זיינען איינגעלאַדן געוואָרן פון דער ענגלישער רעגירונג צו עטאַבלירן אַ דערוויילדיקע נאַציאָ־נאַלע רעגירונג און דעם 15־טן אויגוסט, 1647 איז די גאַנצע מאַכט געוועזן אין אינדישע הענט" (פלעמינג, ב. 7. די קאַלטע מלחמה און אירע אָנהויבן, אין ענגליש, זז. 661).

אין ישראל האָט די ענגלישע רעגירונג ניט באַוויליקט די יידישע פאָרשטייער אפילו קיין איין טאָג, כדי עס זאָל הערשן אומאָרדנונג צו פאַר־לייכטערן אירע אַראַבישע משרתים דעם חורבן פון ישראל.

10) „אויפן דריטן טאָג, פאָרנדיק אויף אַ שיף קיין ענגלאַנד, האָב איך געקראָגן אַ דאָקומענט אָנגעצייכנט „קאָמוניקאַציע (געהיים) וועגן פּאַלעס־טינע". דער דאָקומענט איז געגעבן געוואָרן פון דער אָפּטיילונג פאַרן מיטל־מזרח (פאַראייניקטע שטאַטן) נאָך דעם דאָקומענט, זינט דעם 15־טן נאָ־וועמבער, 1938, איז יעדעס מאָל ווען אַ צוזאָג איז געמאַכט געוואָרן צו די אַמעריקאַנער יידן וועגן ישראל, גלייך אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ פאַרזיכערונג צו די אַראַבישע הערשער צו פאַרקלענערן דעם צוזאָג און זיי מאַכן פילן, אַז וואָס עס זאָל ניט צוגעזאָגט ווערן די יידן וועט עס סיי ווי סיי ניט אויסגע־פירט ווערן די לאַגע אין פּאַלעסטינע וועט ניט געענדערט ווערן.

דער דאָקומענט האָט באַשטעטיקט די שולד וואָס די אַמעריקאַנער און די ענגלישע רעגירונגען ווערן באַשולדיקט, אַז זיי זיינען פאַלש און צוויי־פּנימדיק (קראַם, אונטערן זיידענעם פאַרהאַנג, זז. 36.)

11) דעם 26־טן מאַי, 1943. „אַ הויך קאָנפידענציעלע צושריפט איז פון אונדזער (אַמעריקאַנער) רעגירונג געשיקט געוואָרן צום קעניג, איבן סאַאוד, וואָס האָט אים פאַרזיכערט, אַז קיין באַשלוס וועט ניט אָנגענומען ווערן צו ענדערן די פונדאַמענטאַלע סיטואַציע אין פּאַלעסטינע אָן אַ פריער־דיקער באַראַטונג מיט די אַראַבער און די יידן. דאָס מיינט עס וועט גאָרניט געטאָן ווערן" (דאָרטן, זז. 36).

12) אויגוסט 16, 1945. "פּרעזידענט טרומאַן לאָזט וויסן, אַז ער האָט דיסקוטירט די פּאַלעסטינע פראַגע מיט מר. טשוירטשיל און מר. אַטלי אין פּאָסטדאַם און אַז זיי וועלן אַריינלאָזן יידן אין פּאַלעסטינע וויפל ס'איז נאָר מעגלעך. אָבער אין אָקטאָבער דעם 23 טן, האָבן זיי געשיקט בסוד טעלעגראַמעס קיין באַגדאַד, קאַאירא, דמשק, בעירוט און דזשאדא אין וועלכע דער סטעיט דעפּאַרטמענט האָט געמאָלדן אַז די דערמאָנטע פירער זוכן ערשט אַן אויסוועג פון דעם פּראָבלעם. זיי האָבן ניט דערמאָנט פּאַלעסטינע ווי אַ מקום־מקלט פאַר די יידן, נאָר אַלס רעטונג פאַר היימלאָזע יידן.

נאָוועמבער 15, 1945. אַ נייע פאַרזיכערונג איז געשיקט געוואָרן צו די אַראַבישע לענדער" (קראַם, דאָרט זז. 40).

13) קעניג סאַאוד פון סאַודע אַראַביע האָט געמאַכט אַן אָפיציעלן וויזיט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ער איז אַ מאַן פון ווייניק וויכטיקייט און פון קנאַפּער אינטעליגענץ. אַמעריקע האָט איינגעוויליקט צו פאַרצווייפאַכן די מאַכט פון זיין אַרמיי. סאוד וועט דערפאַר געבן אַמעריקע געוויסע קאָנצעסיעס און אַ באַזע פאַר עראָפּלאַנען וואָס שליסט איין לופט־באָמבאַרדירער און מאָדערנע טאַנקען. קעגן וועמען וועט סאַוד נוצן די וואָפן, — קעגן אונדז (ענגלאַנד) און קעגן ישראל" (מיטל מזרח טאָגבוך, זז. 323־324).

14) „אין לאַנד האָט עמעצער פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז משה שערטאָק וואָס געפינט זיך אין אַמעריקע איז קעגן דער פּראָקלאַמירונג פון דער

מדינה( סוף אַפּריל־אָנהויב מאַי, 1948). נאָכדעם ווי ער האָט באַקומען שאַרפע וואָרענונגען וועגן דעם, מיר האָבן געוואָרט מיט שפּאַנונג אויף זיין צוריקקער. די קלאַנגען האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס ניט ריכטיקע, אַז ער איז קעגן דער פּראָקלאַמירונג, אָבער ריכטיק וועגן די וואָרנונגען מצד גאָר וויכטיקע מלוכה־באַאַמטע אין אַמעריקע איצט ניט פּראָקלאַמירן די מדינה (מלך נוי, די ערשטע און דאָס צענטע יאָר, זז. 27).

אַפּריל 20, 1948 האָט זיך אָנגעהויבן די דיסקוסיע אין דער 1־טער קאָמיטע וואו סענאַטאָר אָסטין האָט באַנייט זיין אַמעריקאַנער פּאָרשלאָג פאַר אַ טראָס־טישיפּ (מאַנדאַט) פון דער „יו־ען” איבער פּאַלעסטינע (י. זאַסלאָף, גרויס בריטאַניע און פּאַלעסטינע, אין ענגליש, זז. 118).

16) „ער (גראָמיקאָ) האָט צוגעגעבן אַז קלאַנגען טראָגן זיך אַרום, אַז גרויס בריטאַניע וועט בייטן איר מיינונג און צושטימען צו לאָזן איר מיליטער פאַרבלייבן אין פּאַלעסטינע. כדי צו מאַכן זיכער אַז אַ מאַנדאַטן מאַכט וועט דאָרטן עטאַבלירט ווערן” (דאָרטן, זז. 108).

17) „די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן חרטה געקראָגן אויף זייער צו־שטימונג צו דער צעטיילונג פון פּאַלעסטינע. דעם 10־טן מערץ נאָכמיטאָג האָבן זיי פאָרגעשלאָגן אין דער יועץ אַז מען זאָל דערווייל „צייטווייליק” איינשטעלן אַ מאַנדאַט פון דער יו־ען איבער פּאַלעסטינע. סענאַטאָר אָסטין האָט אָנגעוויזן, אַז די יו־ען האָט ניט איבערגענומען דעם מאַנדאַטן־סיסטעם פון דער פעלקער ליגע, דערפאַר איז פאַר איר ניט נויטיק און זי האָט ניט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט איבערצונעמען די רעגירונג פון פּאַלעסטינע באַלד נאָך דעם ווי ענגלאַנד וועט ענדיקן דעם מאַנדאַט. די פאַרערגערטע באַציאונגען צווישן אַמעריקע און סאָוועטן פאַרבאַנד האָט אַרויסגערופן מצד אַמעריקע ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט צו איר סטראַטעגיע און אירע עקאָנאָמישע נויטן. עס זעט אויס, אַז אַמעריקע האָט געהאָפט איבערצייגן ענגלאַנד זי זאָל אָנהאַלטן דעם מצב אין פּאַלעסטינע כדי צו מאַכן זיכער די סטראַטעגישע מאַכט פון מערב, אָנצוהאַלטן אַ סטאַבילע אָרדנונג און ניט דערלאָזן אַז די סאָוועטן זאָלן אַריינדרינגען אין מיטעלן מזרח (יוסף ירמיהו זאַסלאָף, „גרויס בריטאַניע און פּאַלעסטינע, זז. 6־105).

18) מערץ 24. „דר. סילווער האָט געמאַכט אַ דערקלערונג אַז די יידישע אַגענטור און דער ועד לאומי זאָגן קאַטעגאָריש זיך אָפּ און זיי וואַרפן אָפּ יעדן פאָרשלאַג פון אַ מאַנדאַטן רעגירונג אין ישראל (דאָרטן, זז. 107).

19) אַסטין האָט זיך אויסגעדריקט, אַז די יו־ען דאַרף ניט באַשטימען די רעגירונג פון פּאַלעסטינע, נאָר אַמעריקע, ענגלאַנד און פראַנקרייך, וואָס האָבן באַזיגט טערקיי (סאָמנער וועלס, „מיר טאָרן ניט דורכפאַלן", ענגליש זז. 47). מערץ 19. אַמבאַסאַדאָר אַסטין שלאָגט פאָר אַ נייע מאַנדאַטן־מאַכט איבער פּאַלעסטינע (דאָרט, זז. 48).

20) „די מאַנדאַטן־מאַכט וועט ניט דערלויבן צו עטאַבלירן אַ יידישן שטאַט־מיליץ. דאָס האָט געווירקט אַז די אַמעריקאַנער דעלעגאַציע זאָל אויפגעבן דעם צעטיילונגס־פּלאַן פאָר פּאַלעסטינע. מר .וואָרען אַסטין דער אַמעריקאַנער דעלעגאַט, האָט פאָרגעשלאָגן אַ צייטווייליקע רעגירונג אַלס אויפזעער (טראָסטישיפּ) איבער גאַנץ פּאַלעסטינע. ער האָט פאָרגעשלאָגן צוויי רעזאָלוציעס: 1) אָפּשטעלן דעם קריג אין פּאַלעסטינע. 2) אַ ספּעציעלע זיצונג פון דער אַסעמבלי צו באַטראַכטן די קומענדיקע רעגירונג אין פּאַ־לעסטינע" (הערי סאַכער, ישראל־ די עטאַבלירונג פון אַ שטאַט, זז. 106).

21) אַפּריל, 1948. „אַמבאַסאַדאָר וואָרען אַסטין האָט זיך אויסגעדריקט פאַר די דעלעגאַטן ביי דער ספּעציעלער זיצונג פון דער יו־ען אַסעמבלי, אַז די מיינונג פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג איז אַז פּאַלעסטינע דאַרף ניט באַשטימט ווערן אַלס יידישער שטאַט פון דער יו־ען נאָר פון אַמעריקע, ענגלאַנד און פראַנקרייך, די לענדער וואָס האָבן באַזיגט דייטשלאַנד. דערפאַר וויל וואַשינגטאָן ניט אָננעמען דעם באַשלוס פון דער יו־ען" (סאָמנער וועלס, מיר טאָרן ניט דורכפאַלן ,זז. 47).

22) די ספּעציעלע זיצונג פון דער גענעראַל אַסעמבלי איז פאָרגעקומען דעם 28־טן אַפּריל 1947. דער ערשטער אָפּהאַלט איז געקומען פון פינף אַראַבישע לענדער. זיי האָבן געפאָדערט, אַז נאָר זייער פאָרשלאַג זאָל אויפגענומען ווערן, אַז דער בריטישער מאַנדאַט מוז פאַרענדיקט ווערן און פּאַלעסטינע זאָל דערקלערט ווערן אַלס אַן אומאָפּהענגיק לאַנד. עס עקזיסטירט ניט קיין יידישע מלוכה און דערפאַר דאַרף מען ניט אויסהערן קיין יידישע

דעלעגאַציע. צום באַדויערן איז די באַגרענעצטע אויסטייטשונג אונטער־שטיצט געוואָרן פון די פאַרשטייער פון אַמעריקע (דאַרטן, זז. 57).

23) מערץ 19, 1948. סענאַטאָר אָסטין האָט געלאָזט וויסן אַז אַמעריקע בייט איר מיינונג וועגן דער צעטיילונג פון פּאַלעסטינע, אַזוי שרייבט דר. חיים ווייצמאַן" (י. י. זאַסלאַף, דאַרטן זז. 106).

24) מערץ 30, 1948 סענאַטאָר אָסטין האָט אַריינגעבראַכט אַ רעזאָלוציע וואָס פאָדערט אויף דעם גענעראַל סעקרעטאַר פון דער יו־ען ער זאָל פאַררופן אַ ספּעציעלע זיצונג פון דער גענעראַל אסעמבלי כדי נאָכאַמאָל באַטראַכטן די צוקונפטיקע רעגירונג אין פּאַלעסטינע" (זאַסלאַף, דאַרט, זז. 109). חינע האָט אינדאָרסירט אַן אָפּקילונג־טערמין. פראַנקרייך און קאַנאַדע האָבן (דאַרטן) זיך ניט אַרויסגעזאָגט, אָבער זיי זיינען געווען גענויגט צום אַמעריקאַנער פאָרשלאַג.

25) פעברואר 27, 1948 משה שערטאָק האָט פאַרגעבראַכט דעם יידישן צד. ער האָט אַטאַקירט די בריטישע פּאָליסי קעגן צעטיילונג אַלס ניט קאָאָפּעראַציע, וואָס גרענעצט זיך מיט אָבסטרוקציע". ער האָט געלייקנט, אַז ענגלאַנד איז נייטראַל. ער האָט אָנגערופן די אַראַבישע אויפפירונג „אַן אָפענער אַרויסטריט קעגן באַשלוס פון דער יונייטעד נעישאַנס" (דאַרטן, זז.102).

26) ענדלעך האָט שערטאָק דערקלערט, אַז וואָס ס'זאָל ניט פּאַסירן און אפילו אין דעם ערגסטן פאַל וועלן די יידן אין פּאַלעסטינע קעמפן צו באַשיצן זייערע לעבנס און זייער פּאָליטישע רעכט (דאַרט, זז. 103).

27) מצד די סאָוועטישע פאַרשטייער זיינע געקומען בייסנדיקע קריטישע באַמערקונגען קעגן אַמעריקאַנער פאָרשלאַג (צוריקצורופן דעם באַשלוס פונעם צעטיילונגס־פּלאַן) .מר. גראָמיקאָ האָט דערקלערט, אַז זיין רעגירונג באַטראַכט נאָך אַלץ דעם צעטיילונג־פּלאַן פאַר אַ גערעכטן אויסוועג און אַז ער וועט אים ווייטער שטיצן (דאַרט זז. 107).

28) מערץ 18,. דר. חיים ווייצמאַן, וואָס איז געווען זייער באַזאָרגט וועגן

די קלאַנגען אַז אַמעריקע האָט געענדערט איר פּאָליסי האָט זיך געטראָפֿן מיט פּרעזידענט טרומאַן. אין פֿאַרלויף פֿונעם געשפּרעך האָט טרומאַן פֿאַרזיכערט ווייצמאַנען אַז די שטעלונג פֿון אַמעריקע האָט זיך ניט געביטן אויף איין האָר און אַז זיין רעגירונג באַטראַכט איצט די פֿראַגע פֿון אָראָפּ־נעמען איר עמבאַרגאָ. וויניקער פֿון 24 שעה נאָכדעם האָט די אַמעריקאַנער דעלעגאַציע אַנאָנסירט אין זיכערהייט ראַט, אַז אַמעריקע איז מיט דער מיינונג, אַז די צעטיילונג איז ניט דורכפֿירבאַר סיידן דורך צוואַנג און דערפֿאַר זאָל מען גלייך לאָזן וויסן דער פּאַלעסטינע קאָמיטע און זי אינסט־רואירן זי זאָל זיך אָפּהאַלטן דורכפֿירן דעם צעטיילונגס־פּלאַן (סאָמנער וועלס, דאָרט, זז. 71).

29) אין מיטן יאַנואַר, 1948 איז דער מצב אין פּאַלעסטינע געוואָרן כאַ־אָטיש. די אַראַבער האָבן באַקומען געווער אָפֿענערהייט פֿון אַלע טיילן פֿון נאָענטן מזרח. די יידן האָבן ניט געטאָרט באַקומען וואָפֿן צוליב דער עמבאַרגאָ פֿון אַמעריקע און ווייל ענגלאַנד האָט ניט דערלויבט אַריינפֿירן געווער פֿון ערגעץ אַנדערש (סאָמנער וועלס, דאָרט, זז. 63).

30) קעניג סאוד פֿון סאַודע אַראַביע האָט געמאַכט אַן אָפֿיציעלן באַזוך אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. אַמעריקע האָט איינגעוויליקט צו פֿאַרדאָפּלען די מאַכט פֿון זיין אַרמיי און ער האָט דערפֿאַר צוגעזאָגט וואַשינגטאָן גרויסע אויל־קאָנצעסיעס און אַ באַזע פֿאַר עראָפּלאַנען און מאָדערנע טאַנקען. קעגן וועמען וועט ער נוצן די מאָדערנע וואָפֿן — קעגן ישראל און קעגן אונדז (ענגלאַנד), קוירנעל מינערטצהאַגען, מיטל־מזרח טאָג־בוך זז. 323-324).

31) „די אַראַבער ווילן זיכער ניט קיין פּראָספּעריטי אויב נאָר עס מיינט אויך פּראָגרעס" (דאָרט, זז. 209). ער האָט אוודאי אין זינען די אַראַבישע עפֿענדיס וואָס ציטערן פֿאַר בילדונג און פֿאָרשריט.

32) „איך האָב פֿון זיכערע קוואַלן, אַז אַ באַאַמטער פֿון דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע האָט געזאָגט צו דער אונטערזוכונגס־קאָמיטע, אַז דריי אורזאַכן האַלטן אָפּ די עטאַבלירונג פֿון אַ יידישער מדינה. זיי זיינען ערשטנס, זייער שנאה צו דער יידישער אַגענטור, צווייטנס, דער הויכער,

איסגעצייכנטער ניוואָ פון יידישע בילדונג און דריטנס, ווילן זיי ניט קיין דריי אָפיציעלע שפּראַכן אין לאַנד (מיטל־מזרח טאָגבוך, זז. 209).

33) עס איז קלאָר אַז די צוויי פּאַראינטערעסירטע צדדים קעמפן קעגן אַ פאַרשטענדעניש צווישן יידן און אַראַבער. צוויי באַזונדערע גרופּעס, יעדע צוליב אייגענע מאָטיוון זיינען קעגן אַ יידישער פּאַלעסטינע. די אַראַבישע קעניגן און עפענדיס פון דער ערשטער גרופּע, בריטישער אימפּעריאַליזם איז די צווייטע און ביידע, ווי דר. אַלבערט איינשטיין האָט אָנגעוויזן, זיינען שטילערהייט פּאַראייניקט קעגן אַ געמיינשאַפטלעכן שונא. דאָס איז די ראָלע פון אימפּעריאַליזם" (קראָם, דאָרט זז. 230).

34) לאָגישע באַטראַכטונג זעט פאָראויס מעגלעכקייטן פון ענלעכע רעוואָלוציעס (ווי אין עגיפּטן און סיריע) אין ירדן און סאַודע אַראַביע, שוין ניט רעכענענדיק די מער פּרימיטיווע שייך־הערשאַפט ביים פּערסישן גאָלף דערפאַר וואָס אַמעריקע איז אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין אויפהאַלטן די עקזיסטירנדיקע רעזשימען אין סאַודע אַראַביע און ירדן.

דער צוועק פון אַמעריקעס הילף צו ירדן איז צו פאַרמיידן דעם צוזאַמענברוך פון קעניג הוסעין'ס רעזשים און שאַפן כאַאָס אין לאַנד. אין סאאודע אַראַביע וויל אַמעריקע שאַפן קאָאָפּעראַציע צווישן דער אַראַבישער רעגירונג און די אַמעריקאַנער אויל־אינטערעסן ווי אויך כדי אָנצוהאַלטן די אַמעריקאַנער העגעמאָניע אין מיטעלן מזרח און איר לופט־באַזע אין דאַרהאַם (ביים פּערסישן אויסגוס, הערי ב. עליס, „דער פּאַרמעסט אין מיטל מזרח, ענגליש, זז. 130־129).

35) צו די אַמעריקאַנער פינאַנץ־מאַגנאַטן געהערט הונדערט פּראָצענט פון די אויל־אונטערנעמונגען אין סאאודע אַראַביע. 50 פּראָצענט פון דער קוועט אויל־קאָמפּאַני, 75, 23 פּראָצענט פון איראַקישן אויל, 100 פּראָצענט פון באַרעין פּעטראָלעיום קאָמפּאַני און 40 פּראָצענט פון אינטערנאַציאָנאַלע געשעפטן אין איראַן און נאָך קלענערע און גרעסערע טיילן פון מיטל מזרח (דאָרט זז. 125).

36 מערץ 12. 1959, „האָט די רעגירונג (פון אַמעריקע )איינגע־

שטעלט מאַנדאַטאָרישע אימפּאָרט געזעצן וועגן אויל אימפּאָרט. אַזוי אַז ס'איז שטאַרק באַגרענעצט געוואָרן דאָס אַריינלאָזן אויסלענדישן אויל אין אַמעריקע (דאָרט, זז. 125).

37) אַמעריקע האָט אויך אַ וויכטיקן אינטערעס אין מיטל־מזרח. די דאָרטיקע אַמעריקאַנער אינוועסטירונגען זיינען גרויס. אין 1956 האָבן זיי באַ־טראָפן אַרום אָנדערהאַלבן ביליאָן דאָלאַר. אַמעריקאַנער געשעפטסלייט האָבן אַריינבאַקומען אין בילאָן דאָלאַר אַ יאָר פּראָפיט פון די אויל אינוועסטי־רונג. (הערמאַן פינער, דאַלעס וועגן סועץ, ענגליש, זז. 30).

38)אַמעריקאַנער אינטערעסן אין מיטעלן מזרח

אַמעריקע קאָן מעגלעך באַדאַרפן אַ וועג דורך לופט איבערן מיטלן מזרח. זי קאָן מעגלעך באַדאַרפן אַ דורכגאַנג איבער דער יבשה צו פריינט־לעכע לענדער. שיפן פונעם פלאָט קאָנען זיך נויטיקן ווען עס איז דורכ־צופאָרן דעם סועץ קאַנאַל און דעם גיבראַלטאַר, די דאַרדאַנעלן קאָנען פאַר־בלאָקירן דעם שוואַרצן ים. פון באַזעס אין מיטל מזרח איז מעגלעך פאַר אַמעריקע צו פאַרהאַלטן די באַוועגונגען פון די סאָוועטן. זי קאָן שטעלן אין געפאַר די אויל־קוואַלן פון באַקו און באַטום און די וויכטיקע אינדוסט־ריעלע איינריכטונגען אַזוי ווייט ווי ביז לענינגראַד און די אוראַלן. חוץ דעם איז דער מיטל־מזרח באַזונדערס אַ באַקוועם אָרט צו דערלאַנגען אין „וייכן „אונטערן גאַרטל" פון רוסלאַנד, ווייל אין טרייקייט צום סאָוועטן־פאַרבאַנד און ווייל אין פולער רייכקייט, אין אַגריקולטור און אינדוסטריע — אוקראינע (דאַלעס איבערן סועץ, דאָרט, זז. 12).

39) „אויב אָט דער וויכער געגענט (דער מיטל מזרח) קאָן זיך אַליין געפינען און קאָן איינשטעלן אַ שטענדיקע באַציאונג מיטן מערב, דאַן וועט עס ניט זיין אַזוי אָפן פאַר סאָוועטישער אַריינדרינגונג, אָדער סאָוועטישן אָנגריף. עס קאָן אפשר אויך זיין אַ מעגלעכקייט דורך די מוסלמאַנער אין מיטעלן מזרח אָפּצוציען די טרייקייט פון די מוסעלמאַנישע פעלקער צו דעם סאָוועטן פאַרבאַנד." (קעמפּבעל, שוץ אין מיטל מזרח, זז. 6).

40) ער, מר. גראַמיקאָ באַטראַכט דעם אַמעריקאַנער פאָרשלאַג (וועגן מאַנדאַט פאַר פּאַלעסטינע) ווי אַ תּאַרזוך צו פאַרוואַנדלען פּאַלעסטינע אין אַ מיליטעריש־סטראַטעגישער באַזע פאַר די פאַראייניקטע שטאַטן און גרויס

בריטאַניע אונטערן אויסרייד פון אויפהאַלטן אָרדנונג אין לאַנד (זאַסלאַף, ענגלאַנד און פּאַלעסטינע, זז. 108).

41) דער סאָוועטישער איינפלוס אין סיריע ....

אויגוסט 1957 האָבן די סאָוועטן איינגעשטימט צו באַווייליקן סיריע אַ האַלבן בילאָן דאָלאַר אין מיליטערישע און עקאָנאָמישע הילף אויף לאַנגע טערמינען. באַלד נאָכדעם איז פאַרגעקומען אַ מלוכה־איבערקערעניש אין סיריע, און עס האָט אויסגעזען אַז די לינק־געשטימטע אָפיצירן האָבן איבערגענומען די מאַכט (פלעמינג „די קאַלטע מלחמה זז. 888).

ראָסעל בעיקער האָט געמאָלדן פון וואַשינגטאָן אַז אַמעריקע גרייט זיך פאַר אַ סוף־וואָך פון וויכטיקע טעטיקייטן אויפן מיליטערישן און דיפּלאָמאַטישן פעלד קעגן דער הערשנדער גרופּע אין סיריע. די באַוועגונגען האָבן באַלד געבראַכט די סאָוועטן אויף דער אַרענע. דעם 19־טן סעפּט. 1957 האָט דאַלעס געמאָלדן פאַר דער גענעראַל־אַסעמבלי אין דער יו־ען אַז טערקיי איז אין געפאַר צוליב די פאַרגרעסערטע סאָוועטישע אַרמייען אין סיריע. אויפן צווייטן טאָג האָט גראָמיקאָ, דער סאָוועטישער אויסערן־מיניסטער, געענטפערט דאַלעסן, אַז די סאָוועטן וועלן ניט בלייבן גלייכגילטיק ווען אַזאַ נאָענטע געגנט צו די סאָוועטישע גרענעצן וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ זודיקן קאַמפּספּלאַץ פון מיליטערישע כוחות (דאָרט, זז. 889).

42) אויב פון דעם קאָנפליקט זאָל זיך אויסלאָזן אַ קאַמף צווישן סאָוועטן פאַרבאַנד און די מערב־מאַכטן, ווי אַזוי קאָן מען טראַכטן אַז אַמעריקע אָדער אַן אַנדער מאַכט פון מערב זאָל קאָנען קריגן אַ צוטריט צו יענע אַראַבישע לענדער און זייער אויל?

מיט די איצטיקע מיליטערישע כוחות וואָס ענגלאַנד פאַרמאָגט אין מיטל מזרח, אפילו ווען אַמעריקע וואָלט איר גיך געקומען צו הילף, וואָלט אוממעגלעך געווען אָפּצוהאַלטן די סאָוועטן פון פאַרנעמען שנעל איראַן און איראַק און דורך דעם אויך די אויל־קוואַלן און איבעררייסן די לופט־קאָמוניקאַציעס אין אַלע אַנדערע אויל־פּראָדוצירער אין יענער געגנט פונעם נאָענטן מזרח.

אפילו אויב עס זאָל פאַרווירקלעכט ווערן דער אַמעריקאַנער פּלאַן פון אויפזיכט איבער פּאַלעסטינע און אַז פּאַלעסטינע זאָל ווערן אַ באַזע פאַר די דעמאָקראַטישע לופט און אַרמיי-קרעפטן, איז אוממעגלעך פאַר אַט־די כוחות אָפּצוהאַלטן די סאָוועטישע כוחות פון פאַרנעמען עבר הירדן און אַראַביע (סאַמנערוועלס, זז. 122).

סאַמנער וועלס איז ניט שטאַרק באַגייסטערט פאַר דער מעגלעכקייט צו צוימען דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד דורך שטעלן פּאַלעסטינע אונטער אַן ענגליש־אַמעריקאַנעם מאַנדאַט. זיין מיינונג איז יעדנפאַלס אינטערעסאַנט.

43) דער סאָוועטן פאַרבאַנד איז אַנטשלאָסן אָנצופירן אַ קאַמפּאַניע כדי אויסשפּרייטן זיין ווירקונג דרום־צו דעם אויל־רייכן מיטעלן מזרח. דער סאָוועטישער ציל איז קלאָר. די עקאָנאָמיע פון די מערב־לענדער איז ענג פאַרבונדן מיט די אויל קוואַלן פון מיטעלן מזרח און ווען דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד זאָל זיך איינגעבן צו פאַרשטאָפּן די קוואַלן, וואָלט דער פאַרמעסט פון די כוחות שטאַרק איבערגעוואויגן אויף דעם סאָוועטישן צד.

די אייראָפּייאישע אָפּהענגיקייט אויפן אויל פון אַמעריקע, קאַנאַדע און די דרום־אַמעריקאַנער לענדער וואָלט געוועז צו טייער פאַר זיי און עס וואָלט אפילו צופיל אָנגעשטרענגט די קאָמערציעלע און מאַרק פעאיקייט פון אַמעריקע. דער סאָוועטן־פאַרבאַנד איז אַליין אַ פאַרקויפער פון אויל און נויטיקט זיך ניט אין אויל פון מיטעלן מזרח פאַר זיינע דאָמעסטיקאַלע באַדערפעניש, אָבער ווען ער זאָל באַהערשן אָדער קאָנטראָלירן אייניקע אַראַבישע לענדער וואָלט ער דורך דעם באַקומען אַ מעגלעכקייט צו באַדראָען די „פרייע״ לענדער, דורך פאַרהאַלטן זייער אַריינקריגן דעם אויל. צו דעם שטרעבן די פירער אין מאָסקווע.

חוץ דעם איז דער מיטל־מזרח אַ בריק ,וואָס פירט צו דרום־אַזיע, אפריקע מאָסקווע זוכט אַ וועג צו יענע סטראַטעגישע פּלעצער וואָס זיינען ביז איצט אָדער געווען נייטראַל אָדער אַנטי קאָמוניסטיש. (הערי ב. עליס) ישראל און דער מיטלער מזרח, ענגליש, זז. 237).

דאָ איז ניטאָ קיין לאָגיק. אַמעריקע נויטיקט זיך אויך ניט אין אויל. דער פּרייז פון אויל איז שטאַרק הויך דורך דעם מאָנאָפּאָל־קאָנטראָל (אַ

בילי‍אָן דאָלאַר ריינער פּראָפיט יערלעך אויף אַן אינוועסטירונג פון אַנדערהאַלב בילי‍אָן). די בריק וואָס פירט צו דרום־אַזיע און אַפריקע איז ניט באַטאַפן געוואָרן נאָר פאַר די מערב־לענדער. און ער ווייסט נעבעך גאָרניט וועגן די סטראַטעגישע מעגלעכקייטן פאַר אַן אַנגריף אויפן סאָוועטן פאַרבאַנד...

44) אין 1929 האָבן אויסגעבראָכן מערדערלעכע אָנפאַלן קעגן יידן דורך דער העצע פון מופטי אין ירושלים, וואָס איז געווען אַן אַראַבישער נאַציאָנאַליסט און אַ געפערלעכער שונא פון ענגלאַנד און יידן. ער האָט ניט דערלאָזן קיין פרידלעכן צוזאַמענקום פון יידן און אַראַבער.

אַמעריקע האָט זיך געשראָקן פאַר אַ מעגלעכקייט אַז איינשטילן די אומרוען אין פּאַלעסטינע וועט מאַכן דער סאָוועטן פאַרבאַנד זאָל דאָרט קריגן אַ דעה. כאָטש ביידע גרויס־מאַכטן האָבן זיך געאייניקט וועגן דער צעטיילונג פון פּאַלעסטינע, זיינען זיי אָבער באַווירקט געוואָרן פון אַנדערע מאָטיוון און אַנדערע אויסרעכענונגען. די אַמעריקאַנער האָבן געהאָפט אַז די יידן וועלן זיין פעאיק אָנצוהאַלטן זייער אומאָפּהענגיקייט און די רוסן האָבן געהאָפט אויף כאַאָס (נאָרמאַן בענטוויטש, ישראל זז. 42).

דאָס איז נאַריש און אונטער קריטיק.

45) אַמעריקע האָט ניט אָנגענומען דעם פאָרשלאַג פון דעם סאָוועטן פאַרבאַנד אַז די פיר גרויסמאַכטן זאָלן ניט לאָזן אַז מאַכט זאָל אָנגעווענדט ווערן צו לייזן דעם קאָנפליקט אין מיטעל מזרח. דער פאָרשלאַג איז דעם 24טן, סעפּטעמבער, 1957 צוריקגעוויזן געוואָרן. דריי מאָל האָט דער סאָוועטן פאַרבאַנד געמאַכט אַזאַ פאָרשלאַג אין איין יאָר. די ערשטע סאָוועטישע נאָטע וועגן דעם פאָרשלאַג האָט אפילו געבראַכט דעטאַלן וועגן דערקלערן אַן עמבאַרגאָ אויף געווער אין דער געגענט (פלעמינג, די קאַלטע מלחמה, זז. 890).

ער (כרושטשאָוו) האָט באַשולדיקט דאַלעסן אין אויפרייצן טערקיי אָנצוהייבן אַ מלחמה דורכדעם וואָס זי וועט אַטאַקירן סיריע. ער האָט געוואָרנט טערקיי אַז זי וועט ניט אויסהאַלטן קיין איין טאָג (פלעמינג, דאָרט).

46) אין 1800 האָט נאַפּאָלעאָן געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט שפּאַניע און דורכדעם באַקומען לואיזיאַנאַ מערב־צו פון טייך מיסיסיפּי. צוויי יאָר יאָר שפּעטער האָט ער צוריקגעצויגן די רעכט פון פון „דעפּאָזיט" וואָס

די אַמעריקאַנער האָבן געהאַט אין אויסלאָדן סחורה פון די שיפן אין האַפן פון ניו־אָרלינס, כדי זיי אָנלאָדן אויף ים־שיפן.

אין 1802 האָט פּרעזידענט דזשעפערסאָן געשריבן צום אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין פראַנקרייך ראָבערט ליווינגסטאָן ער זאָל וואָרענען נאַ־פּאָלעאָנען אַז אַמעריקע וועט גלייך פאַראייניקן אירע כוחות מיט די ענגלישע וואָס קעמפן קעגן פראַנקרייך. נאַפּאָלעאָן האָט דאַרום גלייך פאַרקויפט לו־איזיאַנאַ צו די פאַראייניקטע שטאַטן.

ווען נאַפּאָלעאָן האָט פאַרקויפט לואיזיאַנאַ, איז ניו אָרלינס און גאַנץ לואיזיאַנע, אַריבער אין רשות פון די פאַראייניקטע שטאַטן (דער אויפקום פון דער מאָדערנער אַמעריקע, לעאָן ה. קענפעלד). 3)

47) בעירוט, לבנון. ניו יאָרק טאַימס, יוני 31, 1966). — דער איצטיקער וויזיט פון קעניג פייזאַלן פון סאַאודע אַראַביע צום קעניג הוסעין וועט באַטראַכט ווי אַ וויכטיקער שריט צו פאַרמירן אַן איסלאַמישן בונד מיט פייזאַלן אַלס פירער. פריער האָט דער זעלבער פייזאַל באַזוכט איראַן און זיך געטראָפן מיטן שאַך ריזאַ פּאַלעווי פאַרן זעלביקן צוועק. די וויכטיקייט פון זיין באַזוך איז קאָנטיק נאָך דעם אָפּרוף פון קאַאירא, וואָס באַצייכנט עס ווי אַ רעאַקציאָנערן שריט, אַ בונד פון מאָנאַרכן און מאָנאַרכיעס.

די פּרעסע פון דמשק, די הויפּטשטאָט פון דער רעוואָלוציאָנערער סיריע האָט זיך אָפּגערופן אויף דעם צוזאַמענקום. די וועכנטלעכע צייטונג „אַל־סאַאירא" שרייבט: „לאָנדאָן און וואַשינגטאָן האָבן אויסגעקליבן אַ נייע סטראַטעגיע און זיי ווילן העלפן דעם רעאַקציאָנערן צוזאַמענבונד. פייזאַל האָט אונטערשטראָכן, אַז אַ מוסולמענישער בונד איז וויכטיקער פון אַראַבישער אייניקייט. אונטער דער צערעמאָניע פון כלומרשטער אַראַ־בישער מוסעלמענישער טראַדיציע. בלייבט דער פאַקט, אַז ביידע מאָנאַרכן נויטיקן זיך איינער אין צווייטן.

פייזאַל דאַרף הוסעינס שטיצע אין קאַמף קעגן נאַסערן צוליב תימן. די מלוכה פון הוסיעין, וואָס גרענעצט זיך אין דרום און אין מזרח מיט די רעוואָלוציאָנערע רעגירונגען פון סיריע און איראַק און אין מערב מיט ישראל דאַרף האָבן די שטיצע פון די אַראַבישע הערשער. הוסעין דאַרף

אויך שטיצע קעגן דער פּאַלעסטינער באַפרייאונגס אָרגאַניזאַציע. ער האָט

מורא פאַר זייער נייגונג זיך אָפּצוטיילן פון ירדן.

דאָס וואָס קעניג פייזאַל האָט גלייך נאָך זיין צוריקקער פון טעהעראַן, געלאָזט וויסן אַז ער שליסט אָ נייעם וואָפן־אָפּמאַך מיט ענגלאַנד און אַמעריקע ווערט באַטראַכט אין קאַאיראַ אַלס באַווייז, אַז וואַשינגטאָן און לאָנדאָן שטיצן דעם איסלאַמישן בונד קעגן די רעוואָלוציאָנערע רעגירונגען פון עגיפּטן, סיריע און איראַק (פּרענסיס פּ. ברעכדי, טאַימס, יאַנ 30, 1966).

# עטיק אין דער
# אוראלטער יידישער געשיכטע

קיין ספק ניט, אַז פון גאָר אַלטע צייטן צייכנט זיך דאָס יידישע פאָלק אויס מיט אַן אומגעהויער גרויסער מאָס עטיק און באַטראַכט די חשיבות פון יעדן מענטש 1).

עס האָבן געמוזט זיין באַזונדערע סיבות וואָס האָבן געווירקט אויפן יידישן פאָלק אַז עס זאָלן ביי זיי פאַרשטאַרקט ווערן די מידות פון יושר און גערעכטיקייט. פאַר די וואָס גלויבן פולשטענדיק אין תורת משה איז עס אפשר ניט שווער צו דערקלערן. גאָט, וואָס דאַרף ביי קיינעם קיין דעה ניט פרעגן, האָט אויסדערוויילט אַברהמ׳ען און מיט אים געשלאָסן אַ בונד.. נאָר אפילו די גלויביקע דאַרפן זוכן תירוצים און פאַרענטפערן דעם רבונו של עולם פאַר זיינע האַנדלונגען, אָבער סוף־כל־סוף האָבן זיי אויף אַלץ אַ פאַרטיקן תירוץ.

אָבער, פאַר אונדז, אפיקורסים, וואָס זיינען ניט זיכער אין דער היסטאָריש־קייט פון חומש, איז עס אַ זייער וויכטיקע פראַגע: וואָס האָט געמאַכט די יידן אַנדערש פון אַנדערע פעלקער? מיר זוכן דעריבער דערקלערונגען אין דער געשיכטע.

מערסטע היסטאָריקער לאָזן אויס די פרע־היסטאָרישע צייט און באַנוגענען זיך מיט די ווערטער: „די לעגענדע דערציילט״. אפילו די היסטאָריקער פון די „חכמי אומות העולם״ האַלטן פאַר באַקוועמער ניט צו פאַרטשעפּן די חומש־לעגענדעס. דער פאַקט בלייבט, אַז ביי יידן איז דער געפיל פון יושר און מענטשלעכקייט געווען שטאַרק אין די גאָר פריִע עפּאָכעס. דער מאָנאָטעאיזם, דער גלויבן אין איין גאָט, איז געקומען אַלס רעזולטאַט פון אַ העכערן עטישן שטייגער לעבן. ס׳איז ניט דער אונטערשייד אין צאָל, איין גאָט אָדער אַ סך געטער. דער אונטערשייד איז אין דער גאַנצער קאָנצעפּציע, אין באַגריף פון געטלעכקייט. ביי פיל־געטעריי זיינען די געטער געווען אַזוי שלעכט ווי די מענטשן און נאָך אַביסעלע ערגער. איין גאָט האָט דערמאָרדעט דעם צווייטן, צוגענומען ביי אים די געטין,

זיין ווייב, געריבעט, געשלאָגן. אין מאָנאָטעאיזם איז דער איינציקער גאָט העכער פון די מענטשן. דער איינציקער גאָט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אל רחום וחנון, אַ גאָט פון רחמים און יושר. דער מענטש דאַרף שטענדיק אַרויפקוקן צום באַשעפער און דאַרף שטרעבן „צו גיין אין גאָטס וועגן”. דער מאָנאָטעאיזם האָט נאָר געקאָנט אויפקומען ביי אַ פאָלק וואָס רעס־פעקטירט די רעכט פון מיט־מענטשן. אַזאַ ווי דאָס פאָלק איז—אַזאַ גאָט באַ־שאַפט ער פאַר זיך.

אַ סך היסטאָריקער האָבן זיך געשטעלט די אויפגאַבע אויסצוגלעטן די חומש־לעגענדעס, זיי זאָלן זיך בעסער אַריינגליטשן אין אונדזערע מוחות. אָבער לעגענדעס בלייבן — לעגענדעס. לעגענדע האָט טאָקע אירע פאַרדינסטן נאָר קיין געשיכטע איז דאָס ניט. 3).

דער היסטאָריקער גרעץ שטעלט פאָר אַז די יידן זיינען אַרויס פון מצרים מיט די געדאַנקען פון אַ גאָט פון צדק און יושר מיט דער פאָרשטעלונג פון אַ הויך־מאָראַלישער פיזאָגנאָמיע פון פאָטער אברהם און די חכמה און גוטסקייט פון יוסף׳ן וואָס האָט געראָטעוועט מצרים פון אונטערגאַנג 2).

דאָס זעלבע אויך דובנאָוו אין זיין געשיכטע. לויט אים קומט אויס, אַז די גרויסע אידעע און די נאַציאָנאַלע איניקייט איז געווען ביי יידן נאָך איידער זיי זיינען געגאַנגען אויסקעמפן פאַר זיך זייער טעריטאָריע. דאָס הייסט, פריער האָבן זיי באַקומען פון משה׳ן אַן אַלגעמיינע אידעע פון עטיק (אַ תורה), אַן אייגענעם געזעץ־קאָדעקס און דערנאָך האָבן זיי געקעמפט פאַראייניקט כדי צו דעראָבערן פאַר זיך אַן אייגן לאַנד. דאָס מיינט אַוועקשטעלן די געשיכטע מיטן קאָפּ אַראָפּ. עס איז ניט דער מנהג העולם, עס איז ניט דער שטייגער, אַז אַ קליין קינד זאָל קאָנען אויפקלערן קאָמפּ־ליצירטע מאַטעמאַטישע פאָרמולעס איידער עס קאָן אָנשרייבן זיין נאָמען. ס׳איז אפילו עפּעס מאָדנע און אומנאַטירלעך, אַז אַ פאָלק זאָל אָנהויבן זיין גע־שיכטע מיט אַ פאָר זיידעס, אַ טאַטן און צוועלף זין.

ביי אַלע אַנדערע פעלקער איז פריער געווען אַ געוויסע ציוויליזאַציע. פריער זייבען זיי געווען באַזאָרגט מיט אַ געוויסער מאָס היונה, דערנאָך האָבן זיי דערפונדן שריפט, זיך אויסגעלערנט איבערצוגעבן זייערע דער־פאַרונגען און זייערע געדאַנקען די צוקונפטיקע דורות. ערשט נאָכדעם זיינען זיי געקומען צו העכערע פאָרשטעלונגען וועגן וועלט און מענטש.

ווען מיר קוקן אַריין אין דער יידישער געשיכטע מוזן מיר פאַרגעסן די לעגענדעס און באַטראַכטן די פּאַרצייטיקע יידן ווי מענטשן ענלעכע צו אַנדערע פעלקער אין יענער צייט אויף אַן ענלעכער מדרגה פון אַנטוויקלונג.

אור אַלטע געשיכטע אין אַלגעמיין

די מענטשן זיינען געווען וואַנדערער, איידער זיי האָבן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אין באַשטימטע ערטער. זיי האָבן געוואַנדערט אין קליינע גרופּעס און געזוכט שפּייז, יאַגעדעס, גרויפּן־קערנער און וואָרצלען, וואָס אַ מענטש קאָן עסן. זיי האָבן זיך געיאָגט נאָך חיות און פיש, געזוכט חיונה און אַזוי אַרום זיך צעשפּרייט איבערן גאַנצן ערד־קוגל. געוואַנדערט האָבן זיי אין קליינע גרופּעס, ווייל אַנדערש וואָלטן זיי ניט געהאַט גענוג שפּייז, וואָס זאָל קלעקן פאַר אַ סך מענטשן. אַ גרופּע האָט זיך אויך געקאָנט באַשיצן פון שטאַרקערע חיות וואָס זיינען איר באַפאַלן און אין דער גרופּע האָבן זיי אויך בעסער געקאָנט צופרידנשטעלן זייערע געשלעכטלעכע פאַרלאַנגען און אויפהיטן זייערע קליינע קינדער. אַזוי איז דער געזעלשאַפטלעכער געפיל איינגעוואָרצלט געוואָרן לאַנג לאַנג פאַר די היסטאָרישע עפּאָכן. דער געפיל פון געזעלשאַפטלעכקייט, דער אינסטינקט פון געמיינשאַפטלעכקייט איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער לאַנגער פעריאָדע, ווען דער מענטש איז געווען כמעט אַ ווילדע חיה.

דער יחיד, דער איינצלנער, האָט זיך באַטראַכט ווי אַ טייל פון אַ גרופּע, פון אַ געוויסן שבט.

דער יחיד האָט אפילו ריזיקירט מיט זיין אייגן לעבן פאַר דער גרופּע.

ער האָט ניט געהאַט קיין פערזענלעכן פּריוואַטן אייגנטום 4) וואָס אַ יחיד האָט אַריינגעקראָגן האָט געהערט צו דער גרופּע. אין דער גאַנצער לאַנגער געשיכטע אפשר אַ האַלב מיליאָן יאָר, האָט די מענטשהייט ניט געוואוסט פון פּריוואַטן אייגנטום. אונטער די שווערע באַדינגונגען אין דער לאַנגער עפּאָכע האָט דער מענטשלעכער מין זיך ווייניק פאַרמערט.. הונגער, קעלט און חיות רעות האָבן ניט דערלאָזט אַז דער מענטשלעכער מין זאָל זיך פאַרמערן.

ביסלעכווייז האָבן זיי אויסגעפונען, אַז ס'איז מעגלעך פאַרזייען און אָנגרייטן שפּייז. זיי הויבן זיך אָן באַזעצן אויף געוויסע ערטער. זייערע וואַנדערונגען ווערן שוין באַגרענצט. ביסלעכווייז געפינען זיי אויך

אויס די מעגלעכקייט צו פֿאַרהיימישן און אויפהיטן הויז־חיות. די ערד האָט נאָך געגעבן ווייניק שפּייז. צוליב די פּרימיטיווע מיטלען און די נאַטור־שווערי־קייטן וואָס מען האָט נאָך ניט געוואוסט ווי צו באַהערשן. די מענטשן האָבן נאָך אַלץ געוואַנדערט אַרום די ערטער וואו זיי האָבן פּאַרזייט .דאָס צו־זאַמענלעבן אין גרופּעס האָט געהאָלפן אויסבילדן ביי די מענטשן אַ גע־מיינזאַמע שפּראַך, אַלגעמיינע אויסדרוקן, אָבערגלויבנס, און טאַבוס, אַלגעמיינע מנהגים און אויפפירונג.

פאַרשיידענע גרופּעס, קליינע אין צאָל, באַזונדערס פון סעמיטישער אָפּשטאַמונג האָבן זיך באַזעצט אין יענעם טייל וואָס מיר רופן היינט ארץ ישראל. זיי האָבן זיך אויך אָפּגעגעבן מיט שאָף־ציכטלעריי ווייל די ערד האָט ניט געגעבן גענוג שפּייז און די מיטלען פון זייער ערד־באַאַרבעטונג איז געווען פּרימיטיוו. יעדער גרופּע האָט געלעבט אויף אַ קאָמונאַלן אופן. ניט געווען ביי זיי קיין פּריוואַט אייגנטום. מעגלעך אַז אַ לאַנגע צייט האָבן אפילו פרויען געהערט שותפותדיק צום כלל, צו דער גאַנצער גרופּע 4).

עס איז אַ ספק צי די יידן זיינען פריער געווען אין מצרים 5). נאָך יאָרהונדערטער זיינען די גרופּעס פאַראייניקט געוואָרן, זיי האָבן זיך דער־נעענט און אויסגעאַרבעט די זעלבע שפּראַך, מנהגים און טאַבוס. זיי זיינען געוואָרן איין פאָלק. דעמאָלט זיינען ביי זיי נאָך ניט געווען ניט קיין פּרי־וואַט אייגנטום און ניט קיין שקלאַפן און האַרן, ניט געווען קיין פריצישע ערד און קיין ערדלאָזע פּויערים וואָס באַאַרבעטן פרעמדע ערד. אַוודאי האָבן זיי נאָך דעמאָלט געלעבט אויף אַ נידעריקער שטופע פון אַנטוויקלונג און געדינט פאַרשיידענע געטער און געהאַט אַ סך אָבערגלויבנס א. א וו. 6)

מיר ווייסן ניט ווי לאַנג יענע קאָמונאַלע עפּאָכע האָט אָנגעהאַלטן. קיין שריפט איז דאָך נאָך דעמאָלט ניט געווען. וואָס איז אָבער וויכטיק צו ווייסן איז אַז ווייל זיי האָבן ניטגעהאַט קיין האַרן און שקלאַפן און ניט קיין ערדלאָזע פּויערים האָבן זיי דערפאַר אויפגעהיט די חשיבות פון מענטשן. פון דער נאַטור איז דער מענטש גוט צום מענטשן. עס איז ניט געווען קיין סיבה פאַר אכזריות איז דער מענטש ניט געוואָרן פאַרדאָרבן

ווייל עס איז ניט געווען קיין איינצלנע מענטשן וואָס האָבן אָנגעזאַמלט מאַטעריעלע אוצרות פון פרעמדער פּראַצע זיינען ניט געווען קיין מיטלען און מעגלעכקייטן אָנצוזאַמלען און אויפבויען קאָלאָסאַלע קאָסטבאַרע מאָ־

נומענטן, ווי למשל, די פּיראַמידן פון מצרים, וואו עס האָט שוין געהערשט שקלאַפעריי מיט יאָרהונדערטער פריער אָדער ווי אין גריכנלאַנד וואו די עקאָנאָמיע האָט זיך אויפגעבויט אויף שקלאַפן־אַרבעט.

עס איז אויך ניט געווען קיין באַדערפעניש פאַר אַזעלכע קאָסטבאַרע דענקמעלער. זייער הויפט צוועק איז געווען צו באַאיינפלוסן די אונטערטעניקע מיט דער גרויסקייט און וויכטיקייט פון זייערע הערשער ישראל האָט זיך אין דעם ניט גענויטיקט.

וואָס האָט געשטערט דער אַנטוויקלונג פון שקלאַפעריי אין ארץ ישראל? פאַרוואָס זיינען ביי די דאָרטיקע יידן דאָן ניט געוואָרן קיין שטאַרקע מיליטערישע הערשער, וואָס באַהערשן מיט גוואַלד אנדערע איינוואוינער? מיר האָבן ניט גענוג היסטאָרישע ידיעות. מיר קאָנען ספּעקולירן. וואַרשיינ־לעך זיינען דאָס געווען די אורזאַכן:

אין מצרים האָט דאָס פאָלק געלעבט אויפן חסד פון טייך נילוס. קיין רעגן גייט דאָרט ניט דער טייך נילוס פאַרפליצט דאָס לאַנד אין פרילינג. די ערד זאַפט איין אין זיך גענוג פייכטקייט פאַרן זומער, אויסער דעם ברענגט דאָס וואַסער מיט זיך פיל ערד־אויבער שיכט („טאָפּ סאָיל״) וואָס באַפרוכפּערט די ערד. דערפאַר האָט זיך אין מצרים מער ווי אין אַנדערע לענדער פריער אָנגעהויבן די אַגריקולטור. מיט דעם וואוקס פון דער באַפעלקערונג און דער אויסשפרייטונג פון די פאַרזייטע פעלדער האָבן זיי געמוזט גראָבן קאַנאַלן כדי צו ברענגען די וואַסערן צו די פעלדער. איינצעלנע מענטשן האָבן דאָס ניט געקענט טאָן. מען האָט געדאַרפט האָבן אַ מלוכה־רעזשים וואָס זאָל צווינגען די פויערים צו אַרבעטן. מאַכמעס מאָל זיינען די קאַנאַלן געווען זייער לאַנג און עס זיינען געווען שוועריקייטן צו טרייבן דאָס וואַסער דורך די קאַנאַלן. די מלוכה האָט אויך געדאַרפט פאַר־זיכערן אַז די שטאַרקע זאָלן ניט פאַרכאַפּן דאָס וואַסער פאַר זיך און עס זאָל זיין גענוג פאַר אַלעמען. דאָס אַלץ האָט געפאָדערט אַן אָרגאַניזירטע מלוכה מיט מיליטער און מיט אַלע „קלאַפּער־געצייג״.

דאָס פאָלק האָט דאָרטן געמוזט איינווילליגן צו האָבן אויבער־הערשער איבער זיך

עס איז דערפאַר דאָרטן גרינג געווען פאַר דער מיליטערישער מאַכט אַריינ־

צונעמען אין זייערע הענט דאָס גאַנצע לאַנד. דאָס מיליטער וואָס האָט געדאַרפט באַשיצן די פּויערים איז גענוצט געוואָרן זיי צו באַהערשן.

כמעט דאָס זעלבע איז געווען אין מעסאָפּאָטאַמיע (אַשור בבל, היינט איראַק). דאָרטן האָט מען געגראָבן קאַנאַלן פאַר די וואַסערן פון די טייכן יעפּעראַט און טיגריס (פרת און חידקל) זיי האָבן זיך דערפאַר אויך דאָרטן גענויטיקט אין אַן אָרגאַניזירטער מלוכה־מאַכט. אָבער די נויטיקייט אין וואַסער איז דאָרטן ניט געווען אַזוי שטאַרק ווי אין מצרים, דערפאַר איז דאָרטן די שקלאַפעריי געווען ווייניקער פאַרשפּרייט ווי אין מצרים.

פאַראַן נאָך אַן אונטערשייד צווישן ישראל און מצרים. די ערד אין ישראל איז לפי ערך ניט אַזוי פּרוכטבאַר און זי באַאַרבעטן מיט שקלאַפן האָט זיך פּשוט ניט געלוינט. עס איז געווען שווער צו נעמען אַ טייל פונעם פּויערס הכנסה פאַרן האַר מיט גוואַלד אָדער אפילו מיטן פּויערס צושטימונג. עס וואָלט ווייניק פאַרבליבן פאַר אים און זיין משפחה און זיין ווידערשטאַנד וואָלט געווען צו שטאַרק. אָבער אין מצרים איז די ערד זייער פּרוכטבאַר און אַז דער האַר האָט צוגענומען אַ טייל פון פּויערס הכנסה איז נאָך אַלץ געווען אַ מעגלעכקייט פאַרן פּויער צו עקזיסטירן. ישראל האָט זיך דערפאַר ניט גענויטיקט אין אַן אָרגאַניזירטער מלוכה, און דערפאַר — אין מלך בישראל.

אַן אַנדער מניעה פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַ מיליטערישן קלאַס אין ישראל איז געווען דאָס, וואָס אין דער צייט ווען ישראל איז אויפגעקומען אויף דער אַרענאַ זיינען שוין געווען צוויי מיליטערישע כוחות אויף ביידע זייטן פון אירע גרענעצן: מצרים און אַשור־בבל. ס'איז אויך אפשר ניט געווען קיין באַדערפעניש פאַר באַנוצן זיך מיט מיליטער כדי צו שיצן דאָס לאַנד פון אָנפאַלער און רויבער. „דער אָרעמאַן האָט קיין מורא ניט פאַרן גנב".

ביסלעכווייז איז אַגריקולטור פאַרבעסערט געוואָרן. זיי האָבן זיך מער באַקאַנט מיט דער ערד אַרבעט, געוואָרן געניט און אויסגעפונען ווי אַזוי צו באַאַרבעטן פאַרשיידענע געוויקסן און ווי זיך צו באַנוצן מיט הויז־חיות, ווי פערד און אָקסן פאַר דער אַרבעט. דעמאָלט האָבן אָנגעהויבן זיך צעפאַלן די קיבוצים. עס האָט זיך שוין מער געלוינט פאַר געוויסע מענטשן אַליין צו באַאַרבעטן דאָס לאַנד. אַנדערע געפינען ערד פאַר פּריוואַטער באַלע־באַטישקייט, אַנדערע קיבוצים צעטיילן זיך און עס עקזיסטירן שוין דאַן

זייט ביי זייט ביידע סאָרטן באַלעבאַטישקייט. אַזוי איז אַנטשטאַנען רייכע פּריוואַטע באַלעבאַטישקייט, וואָס האָט אַריינבאַקומען די ערד פון די אָרעמע וועלכע האָבן ניט געקאָנט איינהאַלטן זייערע ערד־חלקים. דאַן האָט מען זיך שוין געטויטיקט אין אַ קעניג, וואָס זאָל באַשיצן די רייכערע קעגן די אָרימע און אויך קעגן די אויסלענדישע שונאים וואָס האָבן זיי געוואָלט באַפאַלן. דעמאָלט האָבן זיי געגרינדעט אַ מלוכה.

דער ערשטער מלך, שאול, איז אין דער אמתן געווען נאָר אַ פּאַרזוך פון מלוכה. ווען עס איז געקומען אַ מלחמה האָט יעדער שבט געבראַכט זיינע אייגענע זעלנער מיט זייער אויסשטאַטונג (דוד האָט געבראַכט שפּייז פאַר זיינע ברידער אין דער אַרמי). נאָך שאולן איז געקומען דוד. דוד האָט אַריינגענומען דאָס לאַנד אין זיינע הענט. ער האָט אויסגעבילדעט אַן אייגענע געדונגענע אַרמיי, זיי אויסמושטירט און פּראַקטיצירט מיליטער־טעכניק. דורך דער אויסגעשולטער אַרמיי איז ער שטאַרקער געוואָרן פון די איינצלנע אַרמייען פון די אַנדערע שבטים און אַלץ קאָנצענטרירט אין זיינע הענט. די עלטסטע פון די באַזונדערע שבטים האָבן געזען ווי די מאַכט איז ביי זיי צוגענומען געוואָרן און האָבן געהאַלטן אין איין אינטערעגירן קעגן דוד׳ן.

דוד האָט געמוזט פאַרגרעסערן און אויסבעסערן זיין אַרמיי כדי אָנצוהאַלטן די מלוכה אין ישראל און זי פאַראייניקן, האָט ער אַרויפגעלייגט מער צינזן. דאָס אָרעמע פאָלק איז געוואָרן אומגעדולדיק. דאָס פאָלק וואָלט אפשר רעוואָלטירט האָט דוד געדאַרפט פירן שטענדיקע מלחמות און ווייזן דעם פאָלק נצחונות, כדי אים געבן גלאָריע און געווינען דאָס פאָלק אויף זיין זייט.

אפילו נאָכדעם ווי די מלוכה איז שוין געווען עטאַבלירט זיינען די קאָמונאַלע ווירטשאַפטן ניט פאַרשוואונדן אינגאַנצן. די עקאָנאָמיק ענדערט זיך ניט איבערנאַכט. ביידע סיסטעמען, די פּריוואַטע און די קאָמונאַלע האָבן געלעבט זייט ביי זייט. די קאָמונאַלע ווירטשאַפטן ווערן אָבער וויניקער. מיט דער צייט איז אויפגעקומען אַ דריטער קלאַס, אַ דעקלאַסירטער ערדלאָזער פויער וואָס האָט געמוזט פאַרקויפן זיין אַרבעט־קראַפט כדי זיך דערנערן. ער האָט געמוזט אָנקומען צו די רייכע פאַר אַ שטיקל ברויט. די רייכע האָבן אויסגענוצט זייער עקאָנאָמישן כוח כדי צו קויפן דעם אָרעמאַן פאַר אַ הונגער לוין.

דער לאַנגער פּעריאָד, הונדערטער יאָרן פון קאָמונאַל לעבן האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן רושם אין יידישן לעבן. ס'האָט אַריינגעבראַכט אַ נאָענטקייט צווישן מענטש און מענטש. די באַהאַנדלונג פון די רייכע, געשטיצט אויף דער לעגאַלער רעכט וואָס די מלוכה האָט זיי געגעבן, האָט ניט באַפרידיקט די יידישע באַפעלקערונג. זייער מיטגעפיל מיטן אָרעמען ברודער, זייער סימפּאַטיע מיטן אונטערדריקטן האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם נביאישן צאָרן, וועלכע האָבן אויסגעדריקט דעם פּראָטעסט פון פאָלק. מיט שטורעם און פּאַטאָס האָבן די נביאים געפאָדערט גערעכטיקייט און דערמאָנט אין דער מאָראַלישער פליכט צו העלפן דעם אונטערדריקטן.

די נביאים פון אמת און יושר זיינען אַ פּראָדוקט פון דער מענטשלעכער באַנעמונג ביי יידן. זיי האָבן אויסגעדריקט די שטרעבונגען פונעם גאַנצן פאָלק און דאָס פאָלק האָט זיי געשטיצט. ניט די נביאים אַליין זיינען די טרעגער פון יושר און רחמים נאָר דאָס גאַנצע פאָלק, וואָס האָט איינגעזאַפּט און אָפּגעהיט די ווערטער פון זייערע נביאים.

די ווירקונג פון קאָמונאַלן לעבן איז קאַנטיק אין דער לערע פון די רעליגיעזע ביכער. אין זיי ווערט ניט דערמאָנט קיין שכר ועונש (דער לוין פאַר גוטע מעשים און די שטראָף פאַר שלעכטע), פאַרן יחיד נאָר פאַרן כלל. למשל, ווען מיר גייען אין גאָטס וועגן וועט דער רעגן אַראָפּ־נידערן אין צייט פאַר אַלעמען. דער געפיל, אַז יעדער איינער איז אַ טייל פונעם גאַנצן כלל איז שטאַרק. דער יחיד האָט גאָרניט געטראַכט וועגן זיך אַלס אַ באַזונדער איינציקייט.

ניט אין דער תורה און ניט אין די נביאים איז דערמאָנט שכר ועונש פאַרן יחיד. ערשט ווייט־ווייט שפּעטער, ווען די יידן זיינען שוין געווען אין גלות בבל האָט דער נביא יחזקאל געשטעלט די פראַגע: „אבות יאכלו בוסר ושיני הבנים תקהנה", פאַרוואָס זאָלן די קינדער קריגן אייליקע ציין ווען די פאָטערס האָבן געגעסן ניט־צייטיקע פרוכט. ערשט ווען די יידישע מלוכה איז שוין געווען צעשטערט און גרויסע טיילן פונעם פאָלק זיינען פאַרטריבן געוואָרן קיין בבל האָט דער נביא יחזקאל גערעדט וועגן שכר ועונש פאַרן איינצלנעם. פריער איז שכר ועונש געווען אַ קאָלעקטיווער באַגריף.

דאָס קאָן נאָר דערקלערט ווערן ווי אַ רעזולטאַט פון קאָמונאַלן לעבן. אין אַנדערע לענדער, וואו עס האָט געהערשט שקלאַפעריי פון פריער

דאָרט איז אָפּגעטעמפּט געוואָרן דער נאַטירלעכער געפיל פון ברידערלעכ־
קייט. שקלאַפעריי פאַרשטיינערט דאָס מענטשלעכע האַרץ, גרויזאַמקייט
ווערט פאַרשטאַרקט. דער מענטש פאַרלירט זיין אייגענע ווערט און קאָן
נאָך ווייניקער באַטראַכטן די ווערט פון אַ צווייטן, און אַז עס קומט אַרויס
אַ מענטש מיט וויזיע, ווערט ער באַלד פאַרגעסן „מקוצר רוח ומעבודה קשה".

„סופו מוכיח על תחילתו". דער רעזולטאַט ווייזט די אורזאַכן. 8)

דער ייד איז ניט באַשאַפן געוואָרן אַנדערש פון אַלע מענטשן. דער
אָנהויב פון דער יידישער געשיכטע, וואָס האָט זיך געצויגן לאַנגע יאָר־
הונדערטער האָט געלאָזן אַ טיפן רושם אין דער יידישער געשיכטע. אפילו
שפּעטער אין די צייטן פון קאַמף קעגן די סיריער (חשמונאים עפּאָכע) און
נאָך שפּעטער, אין די צייטן פון קאַמף קעגן רוים, האָבן יידן אַרויסגעשטעלט
אַן אומגעהויערן שטאַרקערן מסירת־נפש'דיקן ווידערשטאַנד. דאָס איז ווייל
די יידישע קולטור האָט בשום אופן ניט געקאָנט שלום מאַכן מיט דער גע־
צנדיכערישער קולטור. דער אונטערשייד איז געווען צו טיף.

## באמערקונגען

1) באַווייזן פון עטישן געזעץ און לעבנס־שטייגער אין אַלטן און אור־
אַלטן־יידישן עבר זיינען פאַראַן אַ סך.

דער שבת־רו

איין טאָג רו אַ וואָך האָט דערהויבן דעם מענטש. עס האָט אים געגעבן
די מעגלעכקייט צו באַטראַכטן זיך, צו פאַרברענגען מיט מיט־מענטשן צו
דערפילן זיין אייגענע חשיבות און די חשיבות פון דעם אַנדערן נאָך
איידער דער טאָג שבת איז פאַרהייליקט געוואָרן. שבת רו איז נאָך
וויכטיקער געוואָרן ווען עס איז געוואָרן אַ סאָציאַלע אינסטיטוציע „למען
ינוח שורך וחמורך וכל אשר לך". ניט נאָר דו אַליין, נאָר אויך דיין גאַנצע
פאַמיליע. דיין שקלאַף און אפילו דיין הויז־חיה, דיין פערד און אָקס דאַרפן
רוען.

איין געזעץ פאַר אַלעמען, בירגער און ניט בירגער.

באַצאָל דעם אַרבעטער גלייך נאָך זיין אַרבעט. טאָרסט עס ניט פאַר
האַלטן. טאָרסט ניט בלייבן גלייכגילטיק צום צווייטן. „לא תעמוד על דם

רעך״. ספעציעלע דינים וועגן צער בעלי חיים. ווען דער אָקס דרעשט דיין תבואה זאָל ער קאָנען עסן פון דעם.

אמת אַז ניט אַלע געזעצן שטאַמען פון אור־אַלטע צייטן, געזעצן וועגן שקלאַ־פעריי, למשל, האָבן ערשט געקאָנט אַרויסוואַקסן ווען דאָס פאָלק האָט שוין אַדורכגעמאַכט אין משך פון אַ לאַנגע צייט דעם אַגריקולטורעלן צושטאַנד. די וואַנדערנדיקע נאָמאַדן קאָנען ניט פאַרמאָגן קיין קנעכט און אפילו ווען זיי האָבן שוין געוואוינט אין זייער אייגן לאַנד האָט נאָך אַ לאַנגע צייט די שקלאַפעריי ניט געבראַכט קיין איבער־ווערט פאַרן באַלעבאָס. ס'איז אויך אמת אַז ניט אַלע גוטע געזעצן זיינען פּראַקטיצירט געוואָרן הונדערט פּראָצענט, ווי למשל די דינים פון שמיטה. באַזונדערס ווען דער האַר, דער באַלעבאָס, האָט געהאַט די מאַכט. אָבער אפילו ווען מיר נעמען דאָס אין באַטראַכט, בלייבט אַלץ דער פאַקט, אַז יידן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער עטיק.

דער מאָנאָטעאיזם, דער גלויבן אין איין גאָט איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ טיף־עטישן שטייגער־לעבן. דער אונטערשייד צווישן מאָנאָטעאיזם און געצנדינעריי איז ניט נאָר אין צאָל פון געטער. ס'איז אַן אונטערשייד אין אַ גאַנצער קאָנצעפּציע אינעם באַגריף פון געטלעכקייט. ביי פיל־געטעריי זיינען די געטער ניט געווען בעסער ווי די מענטשן נאָך אַביסעלע ערגער. איין גאָט האָט גע'הרג'עט דעם צווייטן און ביי אים צוגענומען די גאָטיכע, געראויבט און געמאָרדעט. ביים מאָנאָטעאיזם איז גאָט העכער פון מענטשן און ער איז אַן „אל רחום וחנון״ צו וועמען דער מענטש דאַרף אַרויפקוקן און שטרעבן צו „גיין אין זיינע וועגן״. דער מאָנאָטעאיזם האָט נאָר געקאָנט אויפקומען ביי אַ פאָלק, וואָס רעספּעקטירט די רעכט פון אַלע מענטשן.

2) גאָט איז גרעצ'ס אַריינפיר צו זיין יידישער געשיכטע:

„בחורי העם שמרו זכרונות קדומים, הילכות אברהם העברי צדיק תמים. יוסף, רב החסד ומרבה לסלוח. הטוב והמטיב אשר הציל מצרים בחכמתו. להזכרונות האלה נוסף גם דעת אלהי אמת בורא שמים וארץ וכל צבאם אוהב צדקה ומשפט מעוז ומגן לצדק ומישרים״. — דאָס פאָלק האָט אויפגעהיט אַלע דעראינערונגען. די פירונג פון אברהם, דער גאַנצער צדיק און יוסף, וואָס איז גרייט צו פאַרגעבן, וואָס האָט געראַטעוועט מצרים מיט זיין גרויס חכמה. צו די דעראינערונגען קומט צו דער געדאַנק פון גאָט פון אמת,

באַשאַפער פון ערד און הימל און זייער גאַנצן איינשטעל. דער באַשיצער פון־גערעכטיקייט און אויפריכטיקייט. (גרעץ געשיכטע איבערזעצט אין העברעאיש פון ש. פ. ראַבינאָוויטש).

3) דער איינגעבוירענער אינסטינקט אינעם מענטשן צו געזעלשאַפט־

לעכקייט האָט אַנטוויקלט אין אים ספּעציעלע נייגונגען צו קונסט, מיט וועלכע דער מענטש גיט איבער זיינע איינדרוקן צו אַן אַנדערן. צווישן די סאַמע ערשטע און באַדייטנדיקע פאָרמען פון קונסט איז די פעאיקייט און דער פאַרלאַנג צו דערציילן, איבערגעבן און אויסמאָלן מעשות און די הנאה פון אויסהערן דאָס דערציילטע.

פאַרשיידענע מענטשן דערציילן די זעלבע מעשות אַנדערש. יעדער אויף זיין שטייגער. אַזוי זיינען די מעשות איבערגעגאַנגען פון דור צו דור. יעדער דור האָט עפּעס צוגעגעבן לויט זיין פאַנטאַזיע און לויט די נייע השגות, וואָס האָבן זיך דערווייל געביטן. די זעלבע מעשות זיינען מאָדי־פיצירט געוואָרן און פאַרלאָרן זייער היסטאָרישן ווערט. זיי ברענגען אָבער אַרויס דעם גייסטיקן און פסיכאָלאָגשן צושטאַנד פון די אַמאָליקע דורות.

4) די ווענדעטאַ, נקמת הדם, איז אַן איבערבלייבעניש פון יענע צייטן. אויב איינער פון אַ גרופּע איז דערמאָרדעט געוואָרן פון אַ מענטשן פון אַ צווייטער גרופּע, האָט מען געהרגעט איינעם פון יענער גרופּע, ניט דווקא דעם באַשטימטן מערדער.

דער יידישער דין פון יבום איז אפשר אַן איבערבלייבעניש פון יענער צייט ווען די פרויען האָבן באַלאַנגט בשותפותדיק צו דער גאַנצער גרופּע.

5) ס'איז ניט זיכער אַז יידן זיינען געווען פריער אין מצרים איידער זיי זיינען געקומען אין ישראל. די חומש־לעגענדעס זיינען ניט באַקאַנט אין מצרים אָבער זיי זיינען געווען פאַרשפּרייט צווישן די סעמיטישע שבטים פון מעסאָפּאָטאמיע (ארם נהרים אין חומש, שפּעטער אַשור און בבל, היינט איראַק) אָדער ענלעכעס צו זיי ווי די מעשה מיטן מבול .דער טורעם פון בבל, משה אין קעסטעלע אויפן טייך נילוס, סאַרגאָן אין טייך יעפראַט (נהר פרת).

דאָס לעבן נאָכן טויט, אין וואָס די מצריים זיינען געווען פאַרגלויבט, און פלעגן אַריינלייגן וויכטיקע זאַכן פאַרן טויטן אין זיין קבר, וואָס ער וועט זיך נוציקן אין זיי, פון דעם ווייסן די יידן גאָרניט.

דער שקלאַפן און האָרן־סיסטעם, וואָס איז דעמאָלט געווען איינגע־פונדעוועט אין מצרים האָט ניט געלאָזן קיין שפור אין יידישן לעבן פון ארץ ישראל. פונוואַנען האָבן זיך גענומען די לעגענדעס?

עס זיינען געווען צייטן ווען מצרים האָט באַהערשט ישראל. די באַ־פעלקערונג פון ישראל איז אָבער געווען צו פליסיק, נאָך ניט געווען איינ־געזעסן אויף באַשטימטע ערטער. מסתמא האָבן זיי געקעמפט מיט די מצרישע חיילות, געפירט גאַרילאַ־קאַמפן. עס איז אויך מעגלעך אַז אַ קליינע גרופּע פון אַנטלאָפענע פון מצרים איז געקומען קיין ארץ ישראל און וואָס זיי האָבן געשילדערט איז אויפגעכאַפּט געוואָרן פון אַנדערע.

6) די מעשה מיטן שלאַנג און שפּעטער מיטן נחש הנחושת, דער קופּערנער שלאַנג וואָס האָט געהיילט די געביסענע, באַווייזט אַז מען האָט אַמאָל געגלויבט אין געטלעכן כוח פון אַ שלאַנג. די ספּעציעלע אויפמערק־זאַמקייט צום באַרג גריזים און צום באַרג סיני שטאַמט פון דער צייט ווען מען האָט געדינט צו בערג. מען האָט אויך געדינט צו געוויסעביימער (אשרות), שטיינער (מזבח אבנים, גלעד) און צו פייער. ווען פייער האָט שוין אויפגעהערט פאַררעכנט ווערן פאַר אַ גאָט איז עס נאָך אַלץ געווען הייליק און ווען מען האָט געבראַכט קרבנות צו גאָט איז עס איבערגעגעבן געוואָרן דורך פייער. ביז היינט ווערט דער שבת און יום־טוב געהייליקט דורך ליכט בענטשן. (אגב, דער כבוד פון הייליקן יום טוב און שבת איז געגעבן געוואָרן דער פרוי).

דער היסטאָריקער ברעסטעד און אַנדערע שאַצן שטאַרק אָפּ די אַלט עגיפּטישע און אַלט־גריכישע ציוויליזאַציעס און אונטערשאַצן די יידישע אויפן גרונט וואָס די עגיפּטער און גריכן האָבן איבערגעלאָזן אַ סך מאָנומענטן און קונסט־ווערק. דאָס איז אין תוך אַ פאַלשע אָפּשאַצונג. די עגיפּטישע און גריכישע ציוויליזאַציעס זיינען געווען באַזירט אויף שקלאַפעריי. זייער גאַנצע ציוויליזאַציע איז געווען צעפוילט דורך און דורך. זי האָט געפּראַוועט אָרגיעס און ווילדע ברוטאַליטעט און איז געווען אומוויסנד ווי עס פּאַסט פאַר אַ שקלאַפן־סיסטעם. ישראל איז געווען מער מענטשלעך און האָט מער גע־דינט דעם פאָלק. די ישראל קולטור איז דערפאַר געווען מער דערהויבן.

8) גרעץ דערקלערט די וואָרצלען פון מאָנאָטעאיזם ביי יידן ווי אַ

רעזולטאַט פון וואַנדערונגען אין דער מדבר, וואו די אומגעבונג איז איינ־טאָניק, ווייל דאָס בילד פון דער נאַטור איז דאָרט מאָנאָטאָן, איינ־טאָניק דערפאַר דער איין און איינציקער גאָט געדאַנק. מיר דאַכט, אַז עס אַ פראַגע צי די נאָמאַדן האָבן געוואַנדערט אין מדבר, וואו עס איז געווען ווייניק שפייז . זיי האָבן גיכער געוואַנדערט אין סטעפּעס און אין וועלדער אין ישראל איז די נאַטור־ספּערע ניט מאָנאָטאָן. די שפּעטערדיקע בעדואינער האָבן ערשט געוואַנדערט אין מדבריות ווייל אַגריקולטור האָט פאַרנומען די לאַנד־שטרעקס. לויטן חומש האָבן די יידן געוואַנדערט אין דער מדבר בלויז פערציק יאָר צייט אַזאַ וואַנדערונג אין מדבר איז ניט געווען גענוג צו שאַפן דעם מאָנטעאיסטישן באַגריף.

## צוגאָב (צו זייט 29)

אויסער דעם איז דער פרעמדער קאַפּיטאַל שטענדיק אַ דעה־זאָגער הינטער די קוליסן, אין די פּאָליטישע, יורידישע און עקאָנאָמישע אַנגע־לעגנהייטן אין לאַנד. למשל פאַרקלענערן הילף פאַר די קיבוצים און איבער־געבן פאָלקס־אונטערנעמונגען צו פּריוואַטע באַלעבאַטים א. א. וו.

עס טרעפט אויך אַז זיי פירן דורך דיקטאַטאָרישע איבערקערענישן מיט זייער געלט און געווער.

## צווייטער צוגאב

## אויספירן פון דער ישראל דיפּלאָמאַטיע

כדי די הויך־אַנטוויקלטע לענדער זאָלן קאָנען אָנהאַלטן זייערע קאָלאָניעס זיינען זיי פאַראינטערעסירט, אַז די קאָלאָניעס זאָלן בלייבן ניט אַנטוויקלט. דאָס מיינט אַז מדינת ישראל זאָל אונטערגיין אָדער אַמווייניק־סטנס זאָל בלייבן אינדוסטריעל שוואַך.

דעה אַראַבישער באָיקאָט פאַסט זיך זייער גוט צו זייער פאַרלאַנג. עס ווילט זיך פרעגן: צי זיינען אָט די אימפּעריאַליסטישע באַלעבאַטים איבער די אַראַבישע עפּענדס טאַקע די איניציאַטאָרן פונעם באָיקאָט און פון די אַלע שוועריקייטן וואָס די אַראַבער פירן דורך קעגן ישראל?

ווען די אַראַבער נעמען אַראָפּ דעם באָיקאָט וואָלטן זיי געקראָגן הע־כערע פרייזן פאַר זייער עקספּאָרט און קריגן ביליקער זייער אימפּאָרט וואָרים די קאָסטן פון טראַנספּאָרטאַציע וואָלט שטאַרק פאַרקלענערט גע־וואָרן. עס וואָלט אַרויסגעהאָלפן די אינדוסטריע סיי אין ישראל און סיי אין

די אַראַבישע לענדער. עס וואָלט זיך זייער שטאַרק געלוינט סיי פאַר ישראל און סיי פאַר די אַראַבישע לענדער.

עס לוינט זיך אָבער ניט פאַר די אַראַבישע עפענדיס און פאַר זייערע אימפּעריאַליסטישע באַלעבאַטים. דאָס זעלבע איז ריכטיק וועגן דורכגאַנג פון סועץ קאַנאַל. דער קאַנאַל איז פאַרמאַכט געוואָרן פאַר ישראל ווען ענגלאַנד און פראַנקרייך זיינען נאָך געווען זייַנע באַלעבאַטים.

וואָס איז וועגן דעם פּראָגרעסיוון טייל פון די אַראַבישע פעלקער? מצרים, סיריע און אפשר אויך איראַק, זיי האָבן שוין אַראָפּגעוואָרפן זייערע קייסאָרים, עפענדיזם איז שוין אויך דאָרטן גאַנץ שוואַך.

פאַרוואָס זיינען זיי שונאים פון מדינת ישראל?

כדי דאָס פאַרשטיין מוז מען פאַרשטיין די אינערלעכע פּאָליטיק צווישן די אַראַבישע לענדער. אַ שטאַרקער קאַמף גייט אָן צווישן דעם טייל, וואָס איז אינגאַנצן אָפּגעשטאַנען, וואו דער קעניג איז פולשטענדיקער הערשער אַזוי ווי סאַאודי אַראַביע. די שייכטומס און ביז אַ געוויסן גראַד ירדן א. א. וו. זיי האָבן מורא פאַר פּראָגרעס צווישן דער אַראַבישער באַפעלקערונג, און יענער טייל וואָס האָט שוין רעוואָלטירט קעגן די קעניגע און די עפענדיס.

די פאַראייניקטע שטאַטן באַשיצן מיט אַלע כוחות דעם רעאַקציאָנערן לאַגער און מיט אַלע מיטלען, ניט אַלע מאָל כשרע (מאָרד־פאַרשווערונג איז צווישן די געוויינלעכע פּאַסירונגען. ווי פלעמינג זאָגט אונדז 1) אַז טערקיי איז געשיקט געוואָרן צו אַטאַקירן סיריע כדי אַרויסטרייבן די רעוואָלוציאָנערע גרופּע פון דער סירישער רעגירונג, נאָר די סאָוועטישע וואָרנונג האָט זי אָפּגעהאַלטן. ניט אומזיסט רעכנט נאַסער אַז די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען זיין גרעסטער שונא.

ישראל איז אַן אָפענע צוטשעפּעניש צום אַמעריקאַנער וואָגן. פאַרשטייט זיך דערפאַר אַז זיי קאָנען ניט בלייבן גלייכגילטיק צו מדינת ישראל.

עס איז זייער מעגלעך אַז אַ פולשטענדיקע נייטראַלע פּאָזיציע וואָלט געהאָלפן איינשטעלן נאָרמאַלע קולטורעלע און קאָמערציאַלע באַציאונגען מיט אייניקע פון ישראל׳ס אַראַבישע שכנים. דאָס וואָלט געווען אַ טובה פאַר ביידע צדדים.

דאָס זעלבע איז אויך ריכטיק וועגן כינע.

כינע באַטראַכט די פאַראייניקטע שטאַטן אַלס איר גרעסטן שונא, און אַ מדינה וואָס געפינט זיך ביי די פאַראייניקטע שטאַטן אין אַרבל איז ניט קיין „פּערסאָנאַ גראַטאַ". ס'איז בעסער ניט האָבן מיט איר קיין עסקים.

דער קאַמף וואָס ישראל האָט אָנגעפירט קעגן מצרים נאָכשלעפנ־דיק זיך ענגלאַנד און פראַנקרייך ביים סועץ קאַנאַל, און די גוטע ברודער־שאַפט מיט פראַנקרייך אין איר קאַמף קעגן אַלזשיר, האָט אויך ניט ווייניק בייגעשטייערט צו דער שנאה קעגן מדינת ישראל.

דאָס אַלץ איז די פרוכט פון נאָכשלעפן זיך דער אַמעריקאַנער פּאָליטיק.

1)אין „די קאַלטע מלחמה און אירע וואָרצלען".